# שלמה דמשק

# אין געראַנגל פאַרן לעבן

## (שפּיטאָל-בלעטער)




ארויסגעגעבן פון תלמידים און פריינד
ניו-יאָרק

# אינהאַלט:

## שפּיטאָל-בלעטער

### א. גרינלאַנדער אינטערנאַציאָנאַל:



### ב. טעג אין עלנט:

## ג. יונג און אַלט — ברידער־אין־גורל:



## ד. אין געראַנגל פאַרן לעבן





# 1. „גרינלאַנד"

אין די פּאָר וואָכן, וואָס כ'האָב זיך געפונען אין דעם ב — ער שפּיטאָל, אין דעם ענג־געפּאַקטן „וואָרד" (אַלגעמיינער קראַנקנ־צימער), האָט זיך פון דער ענגשאַפט געטראָגן אַ וואונדער־נאָמען: **„גרינלאַנד"**. דער נאָמען איז כסדר אַרויפגעקומען אויף די ליפּן פון די קראַנקע, האָט געצויבערט און אַריינגעגעבן האָפענונג אין די הערצער:

„די בעסטע דאָקטוירים, די גרעסטע ספּעציאַליסטן, געפינען זיך אין „גרינלאַנד".

„אין „גרינלאַנד" דערלויבט מען די חולאים, וואָס בעסערן זיך, אָנטאָן זייערע בגדים און אַרויסגיין צוויי מאָל אַ וואָך".

„אין „גרינלאַנד" גייען די קראַנקע אין די „מואוויס".

„דאָרטן גיט מען די פּאַציענטן די בעסטע שפּייז".

„טשאָפּס, סטעיקס, גיט מען דאָרטן".

פּאָר די קראַנקע, וואָס האָבן געוואַרט אַריבערגעשיקט צו ווערן קיין „גרינלאַנד", האָט דער „דאָרטן" אויסגעזען ווי אַ גן־עדן. מיט אומגעדולד האָבן זיי אַרויסגעקוקט אויפן גליקלעכן טאָג, ווען מ'וועט אויך זיי שיקן אַהין.

מיט קנאה האָבן די פאַרבליבענע חולאים געקוקט אויף די „גליקלעכע", וועמען דער דאָקטאָר האָט אָפּגעצייכנט אַריבער־געשיקט צו ווערן קיין „גרינלאַנד".

**
*

ווען דער דאָקטאָר האָט מיר אָנגעזאָגט אין איינעם אַ טאָג, אַז ער וויל מיך באַלד אַריבערשיקן קיין „גרינלאַנד", בין איך די ערשטע עטלעכע מינוטן געווען ווי צעטומלט: כ'האָב ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. איך האָב געשטאַמלט: „איך ווייס ניט... איך דאַרף זיך מיישב־זיין מיט מיינע קרובים"...

— וואָס קווענקלסטו זיך, שוטה איינער! מ׳וויל דיך שיקן קיין „גרינלאַנד״, און דו יישובסט זיך נאָך?!

— וואָס טוט דיר דאָ באַנג איבערצולאָזן? די גאָט־פאַר־דאַמטע ענגשאַפט?!

— ער האָט מסתם מורא, אַז מ׳וועט אים דאָרטן ניט געבן די טייערע געריכטן, די מעדני־מלכים וואָס ער קריגט דאָ!

מיינע חברים־קראַנקע האָבן ניט געקענט פאַרשטיין:

די שווערע נסיונות, וואָס כ׳האָב דורכגעמאַכט, האָבן מיך געלערנט ניט צו גלויבן אין קלאַנגען. עס האָט מיר באַנג געטאָן, וואָס אַ שיינע לעגענדע וועט נאָך אַ נסיעה פון אַ שעה, אָדער צוויי, פאַרוואַנדלט ווערן אין גרויער ווירקלעכקייט, און וואָס איר צויבער וועט אויסגעוועפט ווערן, ווען מיר וועלן קומען אַהין.

***

פאַרנאַכט זענען מיר אָנגעקומען צום שפּיטאָל „גרינלאַנד״.

ווען מיר, די נייַע „גליקלעכע״, זענען נאָך געפאָרן אין באָס, האָבן מיר פון דער ווייטנס דערזען די צוויי ריזיק־הויכע קוימנס פון דער וועשעריי, וואָס האָבן אָנגעזאָגט אַז אָט באַלד וועלן מיר שוין זיין דאָרטן.

בשעת מען האָט מיך אַרויפגעפירט אויפן פערטן גאָרן פון איינער פון די געביידעס, האָט די נאַכט שוין געשפּרייט אירע פליגלען, איינגעהילט אין טונקל די אַלע בניינים פון שפּיטאָל מיט די ביימער אַרום.

די קראַנקנשוועסטער האָט מיך צוגעפירט צו איינעם פון די בעטן, אין סאַמע מיטן פון גרויסן „וואָרד״.

איך האָב זיך אַרומגעקוקט: אַ געמיש פון ראַסן, שבטים און לשונות: בעגערס, כינעזער, איטאַליענער, שפּאַניער, גריכן, איר־לאַנדער און אידן. זיי אַלעמען האָט די לונגען־קראַנקייט אַוועק־געלייגט אין בעטן אונטער איין דאַך. דער זעלבער גורל פאַר־אייניקט זיי דאָ אַלעמען.

***

ניין אזייגער האט מען אויסגעלאשן די לאמפן. א שטילקייט האט באהערשט דאס קראנקנצימער. פון איינער פון די ראדיאס האט זיך פלוצים געלאזט הערן די שטימע פון געיבריעל היטער (א באוואוסטער נייס־אויסטייטשער). אין דער שטילקייט האט זיך זיין קול געטראגן נאך שטארקער. ס׳האט זיך געפילט די אויפ־מערקזאמקייט פון די צוהערערס.

ווען כ׳האב זיך ווידער ארומגעקוקט אויף רעכטס און אויף לינקס, האבן צו מיר, דורך די אפענע טירן און פענצטער, גע־וואונקען די עלעקטרישע ליכטער פון איבער די בריקן און וועגן, פון איבערן ים און טייך וואס רינגלען ארום דעם שפיטאל. עס האט זיך געפילט אין צימער די רחבות וואס ארום. די ליכט־בליצלעך האבן זיך צוזאמענגעגאסן מיטן קול פון נייס־אויס־טייטשער, האבן גערעדט, דערציילט פון א וועלט, וואס איז אזוי נאענט — אזוי ווייט.

די ראדיא איז אנטשוויגן געווארן. די חולאים האבן זיך ענגער איינגעוויקלט אין די קאלדרעס.

אין צימער איז געווארן שא־שטיל.



# 2. די ערשטע פרשה

"NO BREAKFAST" (קיין פרישטיק) — אַ רויטן צעטל מיט אַזאַ אויפשריפט האָט מען נעכטן אָוונט אויפגעהאַנגען ביי מיין בעט, צופוסנס.

מיין האַרץ האָט אַ ציטער געטאָן.

דאָס צעטל האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז מאָרגן פרי וועט זיך אָנהייבן די סדרה פון אונטערזוכונגען. די ערשטע פרשה וועט דאָס מאָל זיין די בלוט־פּראָבע.

**
*

שוין אַ יאָר און אַ האַלב אַז איך לערן זיך ליב האָבן מיינע יסורים.

עס איז אַ האַרבער לימוד. שווער איז די תורה פון „מקבל־זיין יסורים באהבה".

אָבער ביז דו לערנסט עס זיך ניט אויס, בלייבסטו מוטלאָז און הילפלאָז.

**
*

די קראַנקנשוועסטער איז אַריינגעקומען און אַוועקגעלייגט אויף מיין טישל אַ פאַר'חתמ'עט פּעקל, געוויקלט אין לייוונט.

כ'האָב פאַרשטאַנען אַז דאָס זענען די מכשירים, און אַז באַלד וועט אַריינקומען דער דאָקטאָר.

נעכטן נאָך, ווען דער הויז־דאָקטאָר איז פאַרבייגעגאַנגען די בעטן, האָב איך מיך אַריינגעטראַכט אין זיין געזיכט. כ'האָב זיך צוגעקוקט צום אויסדרוק פון זיין פנים און צוגעהערט צו די רייד פון זיינע ליפּן.

און ווען די בלוט־פּראָבע איז אַריבער, האָב איך געוואוסט: ער איז פון די דאָקטוירים, די „שווייגערס", און כ'האָב געפילט אַז מ'וועט קענען מיט אים אויסקומען. כ'האָב זיך באַרואיקט.



# 3. דער געבאָט פון גורל

„קיין גרינלאַנד, ליבע ברידער,
ווי צו אַ געליבטער — קומען מיר ווידער!"

— אַזאַ מין לידל האָט אַרויסגעזונגען באַריטאָניש אַ שיינער, פעסט־געבויטער יונגערמאַן, וואָס איז היינט פרי אַריינגעקומען אין קראַנקנצימער אין דער באַגלייטונג פון דער הויפּט־שוועסטער. מיט געמאָסטענע טריט איז ער געגאַנגען צו דעם ליידיקן בעט, וואָס איז געשטאַנען גרייט פאַר אים.

— העלאָו, ראַבלי, העלאָו! — האָבן זיך געלאָזט הערן קולות.

— ביסט טאַקע צוריקגעקומען?!

— יו קענט ביט איט! יו קענט ביט איט! (קענסט זיך פון איר — די מחלה — ניט אויסדרייען) זענען געפאַלן אויסרופן פון אַלע זייטן.

— ביסטו נאָר איינמאָל אין גרינלאַנד געווען,
מוזטו שוין קומען, ווען ס'עט עפּעס געשען!

— האָט אויסגעשריען דער נעגער „טשיף". ס'איז דער געבאָט פון גורל. מען קען זיך ניט העלפן. כ'האָב דאָך דיר, חבר, געזאָגט איידער דו האָסט דעם שפּיטאָל פאַרלאָזט: „יו קענט ביט דהי רעקעט!"

אָט די אויסרופן — מער ווי די חברים־חולים האָבן מיט זיי געמיינט מקבל פּנים זיין זייער חבר, וואָס האָט געהאַט זיי פאַרלאָזט און איז צוריקגעקומען, זענען געווען געמיינט פאַר זיך אַליין.

מיט אָט די אויסגעשרייען האָבן זיי געמיינט איינשטילן זייער אייגן האַרץ־געשריי נאָך פרייהייט, נאָכן צוריקקער צו דער פאַמי־ליע און צום פריערדיקן סדר פון לעבן.



# 4. „צורעכט־געמאַכט״ די בעט

דער נעגער „טשיף״ איז אַ רירעוודיקער פּאַרשוין, אַרום אַכצן יאָר אַלט. די איברים פון זיין גוף זענען גרויסע. זיין קאָפּ דין געשאָרן. זיינע גרויסע שוואַרצאַפּלען שיינען אַרויס מיט אַ שטי־פערישן גלאַנץ פון די אויגנווייסלען.

אַ כיטרער לץ איז „טשיף״. זיין קרעפטיק־קלינגנדיקער קול הילכט שטענדיק אין קראַנקנצימער. זיין ליבסטער שפּיצל איז „צורעכטמאַכן״ די בעטן ביינאַכט אָדער בייטאָג, ווען זיינע חברים גייען אַרויס אין וואַש־צימער. ער איז גאָר אַ גרויסער מומחה אויף צורעכטמאַכן אַ „פראַנצויזישע בעט״. ער וויקלט אַריין דעם אייבערשטן ליילעך אין דעם אונטערשטן אַזוי געשיקט, אַז דער חבר קען פאַר קיין פאַל ניט אַריינטאָן די פיס אונטערן קאָלדרע. ער מוז איבעראַנייס אויסבעטן ס׳בעט.

וואָס פאַראַ שפּיצל מ׳זאָל אימעצן ניט אָפּטאָן, איז מען באַלד חושד „טשיפ״ן.

היינט אינדערפרי האָט ער געכאַפּט אַ פּסק פון זיין שכן בוירק פאַר אַ זינד וואָס ער איז ניט באַגאַנגען.

בוירק איז טשיפ׳ס אַ ראַסן־ברודער. זיין הויט איז אָבער העלער און די האָר פון קאָפּ געקרייזלט. בוירק איז הויך־געוויק־סיק און ברייט־פּלייציק. בטבע אַ שווייגער. אָפט שיינט אויף אַ שמייכל אויף זיין פּנים און גליטשט זיך אַראָפּ אויף זיין אייבערשטער ליפּ, וואָס איז באַדעקט מיט וואָנצן, וועלכע בוירק האַלט אין איין גלעטן און ציען מיט גרויס פלייס.

בוירק לייענט ניט קיין ביכער און ניט קיין צייטונגען. ער קוקט אפילו ניט אַריין אין די „פּאַניס״ פון די זונטיק־בלעטער. זיין ליולקע שטעקט שטענדיק אין מויל, צי ער רויכערט יע, צי ער רויכערט ניט. זונטיק פאַרנעמט ער זיך לאַנג מיט זיין פריזור. טוט זיך אָן אַ שיינעם אָנצוג און גייט זען די מיידלעך.

בוירק׳ס שטייגער איז אויפשטיין פרי און איינוואַשן זיך. דאַן קומט ער צוריק צום בעט, און מיט אַ באַזונדער הנאה, וואָס דריקט

זיך אויס אין אַ דריבנעם געלעכטערל, קריכט ער אַריין צוריק אונטער דער קאָלדרע און שלאָפט געשמאַק ביז פרישטיק.

היינט פרי, באַלד ווי ס׳האָט זיך איינגעשטילט דאָס געקלאַפּ פון זיינע שווערע טריט, וואָס וועקט שטענדיק אויף זיינע חברים, האָט זיך יאַן, דער פּאָלאַק, אַראָפּגעכאַפּט פון געלעגער און „צו־רעכטגעמאַכט״ בוירק׳ס בעט.

ווען בוירק איז צוריקגעקומען און זיך גענומען אַריינלייגן אין בעט, איז גלייך אַוועק דאָס געלעכטערל פון זיין פּנים. זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן פון כעס. ס׳האָט זיך דערהערט אַ ברום. ער איז אויפגעשפּרונגען און מיט אַ זעץ אויפגעוועקט „טשיפּ״ן:

„מיט מיר שפּילט מען זיך ניט, דו שמוציקער „באָם״! כ׳וועל דיר די קישקעס אַרויסלאָזן אויב וועסט נאָך אַמאָל אָנרירן מיין געלעגער״.

„טשיף״ איז ניט פון די וואָס פאַרשווייגן אַ באַליידיקונג. ס׳איז געוואָרן אַ טומל. ס׳איז שווער געווען איינצושטילן די צוויי קריגערס.

דער קריג האָט זיך איינגעשטילט ערשט דאַן, ווען ס׳האָט זיך דערהערט דער קול פון דער הויפּט־שוועסטער: „גוט מאָרגן אייך אַלעמען!״



# 5. זיך אָפּגעזוכט

די וועווערקע, וואָס האָלט זיך אויף אויפן בוים ביי דער דריטער געביידע פון שפּיטאָל, איז אויף עטלעכע טעג נעלם געוואָרן און זיך ניט געוויזן אין אונדזער קראַנקנצימער. מיראַנדאָ, דער שפּאַניער, איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ שאָטן. ער האָט זי אַרומגעזוכט וואו נאָר אַ לאָך און וואו אַ באַהעלטערל.

די לעצטע פּאָר וואָכן האָט זיך די וועווערקע געהאַט שטאַרק צוגעבונדן צו מיראַנדאָן; געקומען אים באַזוכן זייער אָפט; גע־כאַפּט ביי אים פון הויפן די ניס און פּיסטאַשקעס, וואָס ער פלעגט איר דערלאַנגען מיט גרויס ליבשאַפט.

אין די רו־ און שלאָף־שטונדן פלעגט די וועווערקע אַרויפ־שפּרינגען צו מיראַנדאָן אויפ׳ן בעט. פלעגט ער זיך באַלד אויפ־כאַפּן און דערלאַנגען איר די פּאַרציע ניס.

די קלוגעטשקע וועווערקע האָט שוין געוואוסט וואו איר שפּייזער באַהאַלט דאָס קעסטל ניס, פלעגט זי קומען ביינאַכט, שטילינקערהייט, און אַרויסנעמען אַליין אַ היבש ביסל ניס.

אָפטמאָל, בייטאָג, פלעגט דער שפּאַניער איר צוואַרפן אַ פולן הויפן ניסלעך. די וועווערקע פלעגט זיי גיך־געשווינט אַ כאַפּ טאָן, לויפן אַזוי געשיקט איבערן צימער, אַוועקזעצן זיך אויף איר געזעסל ערגעץ אין אַ ווינקל. איר לאַנג־האָריקער עק אויס־געדרייט ווי אַ בויגן. אירע שאַרפע ציינער האָבן געקנאַקט מיט אַ צויבער־שנעלקייט איר שלל ניסלעך, וואָס זי האָט מיט אַ חנ׳עוו־דיקער געשיקטקייט צוגעטראָגן צום מיילכל מיט די פאָדערשטע פיסלעך.

דער קראַנקנצימער פלעגט פול ווערן מיט אַ פריידיקער התפּעלות צוקוקנדיק זיך צו די תנועות פון דעם קליינעם, ליבן חיה׳לע.

און מיראַנדאָ? — ווער איז צו אים גלייך געווען! ווי אַ ליבהאַרציק קינד איז ביי אים די וועווערקע געווען. ער האָט זיך מיט איר איבערגענומען און שטאַרק געגרויסט. ער האָט געגנוי

אויסגעפֿונען די לעבנס־געשיכטע פֿון דער וועווערקע און איר „יחוס״. פֿלעגט דערציילן מיט התלהבות, אַז די וועווערקע איז אַ הי־געבוירענע, אַן אייניקל פֿון דער גאָר ערשטער וועווערקע, וואָס האָט פֿאַר זיך אויסגעקליבן דעם שיינעם אָרט אויפֿן בוים ביי דער דריטער געביידע פֿון דעם „גרינלאַנד״ שפּיטאָל.

מיראַנדאַ האָט ניט גערוט, האָט געניִשטערט, געזוכט, ביז ער האָט די וועווערקע ענדלעך געפֿונען.

ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די וועווערקע איז געלעגן געוואָרן ערגעץ אין אַ באַהעלטערל. ניט אומזיסט איז זי אַזוי פֿאַרהאַוועט און פֿאַרשמאַיעט געווען די לעצטע צייט. פֿלעגט קומען און אַ כאַפּ טאָן אַביסל ניסלעך און באַלד ניט ווערן. אַ ווײַלע שפּע־טער — זי איז ווידער דאָ. פֿלעגט זיך אַוועקשטעלן ביים בעט פֿון איר גוטן פֿריינד, איר פֿאַרזאָרגער, אַ חנ׳דל טאָן זיך פֿאַר אים, אַ כאַפּ טאָן ביי אים די ניס פֿון הויפֿן און ווידער ניט ווערן.

די „פּיקחית״ האָט זאָרגהאַפּטיק באַהאַלטן די ניס. האָט זיי צוגעגרייט אויף די טעג ווען זי וועט מוזן האָדעווען אירע ערשט־געבוירענע, שוואַכינקע ווערן.

די פֿרייד האָט זיך ווידער אומגעקערט צו מיראַנדאָן.

און ווען די געווינערין איז מיט מזל ווידער געקומען אויף אַ באַזוך צו אונדז אין קראַנקנצימער, זענען אויך די הערצער פֿון די אַנדערע חולים פֿול געוואָרן מיט פֿרייד און פֿאַרגעניגן.



# 6. צווישן חברים

דער גריך, עד נאָטוס, און דער איטאַליענער, פּעט מאַריני, זעען אויס ווי ברידער. זייער הויט־קאָליר איז טונקל. די נעזער דין און פאַרשפּיצט. די שוואַרצע אויגן גלאַנצן. ביידע קורץ־געוויקסיק. עד איז ברייט־פּלייציק, אינגאַנצן ווי פון איין שטיק אויסגעגאָסן. גייענדיק, טענצלט ער הנאה׳דיק אונטער. פּעט איז שלאַנק. זיין גאַנג געלאָסן.

ווי זיי וואָלטן וועלן זיך צוגעבן נאָך מער ענלעכקייט, טראָגן זיי ביידע, טאָג ווי נאַכט, בלאָע וואָלענע באַרעטן. זיי שמועסן שטענדיק צוזאַמען, שפּילן אין קאָרטן און גייען אַרויס שפּאַצירן אַלעמאָל זאַלבאַנאַנד.

ווייזט אויס, אַז זיי האָבן ליב איינער דעם אַנדערן. נאָר, פון גרויס ליבשאַפט רייצן זיי זיך שטענדיק און רגז׳ענען איינער דעם צווייטן.

פּעט איז שוין לאַנגע יאָרן אין אַמעריקע. רעדט ער גוט ענגליש. עד, אָבער, הינקט אונטער אין זיין ענגליש: ער שטאַמלט נאָך. ער האַלט זיך אין איין באַנוצן מיט „געדאַדע היר!״ נאָר דער באַדייט פון דעם, בייט זיך ביי עד׳ן לויט דער שטימונג, און לויט דער באַציאונג צו זיין מיטשמועסער.

ווען עד וויל אָפּהאַקן די צודרינגלעכע רייד פון זיין גוטן חבר פּעטן, גיט ער אַ פיר־איבער זיין איין האַנט איבער דער אַנדערער און טוט אַ זאָג: „סטרופּצי, סטרופּצי!״ עס מיינט: „לאָז געמאַך! איך האָב מיט דיר מער קיין עסקים ניט און דריי מיר ניט מער קיין ספּאָדיק״.

**
*

מעק בראַון, עד׳ס בעט־שכן, באַגעמט זיך מיט עד׳ן ווי אַן אמת׳ער גוטער פריינד. ער פילט וואָס ס׳טוט זיך ביי אים אין האַרצן; פאַרשטייט זיין שטאַמלעניש און זאָגט וועגן אים, אַז עד

איז אַ וואוילער יונג, אַ קלוגער, אַ פלייסיקער, נאָר אַ שטיקל פרא־אדם.

מעק לערנט עד'ן ווי צו זיין אַ מענטש. ער רעדט אים צו צו ריידן ענגליש. ער האָט פאַר אים געקראָגן אַ גריכיש־ענגלישן ווערטער־בוך. יעדן טאָג קויפט מעק דעם „מיראָר" און לייגט אַוועק ביי עד'ן אויפן שטול. עד לייענט די צייטונג מיט גרויס פלייס. ווען מעק אַליין וויל לייענען די צייטונג, בעט ער עד'ן ער זאָל זי אים געבן אויף אַ ווײַלע, און זאָגט אים אַ דאַנק.

נישט איינמאָל האָב איך געזען ווי מעק לייגט אַריין שטי־לערהייט אין עד'ס טיש־קעסטל קליינגעלט, סיגאַרעטן און פעק־לעך טאַבאַק.

עד איז אַ גרויסער אַכל'ער. די הויפּט־קראַנקנשוועסטער ווייס שוין זיין שוואַכקייט, גיט זי אים זייער אָפט אַ טאָפּלטע פּאָרציע; אַמאָל אויך אַ דרייגאָרנדיקע.

עד נעמט זיך ניט צום האַרצן די שפּאַסן און שטעכווערטלעך, וואָס די חברים לאָזן פאַלן אויפן חשבון פון זיין היבשן אַפּעטיט. ער איז ניט מדקדק אויף דער עטיקעטע ביים עסן. איז אַריינ־געטאָן אין דער אכילה מיט אַלע זיינע חושים. מע זעט: ער האָט הנאה.

מעק באַמערקט עד'ן, אַז ס'איז ניט שיין צו זיין אַ פרעסער. אין שפּאַס זאָגט ער אים אַריין: „ס'איז אַ גליק, עדי, וואָס די וועווערקע קומט ניט צו דיין בעט, ווי זי קומט שטענדיק צו מיראַנדאָס בעט; ווער ווייסט — וואָלסט אפשר זי אויך צעריסן און אויפגעגעסן".

עד ווייס גוט מעק'ס פיינע באַציאונג צו אים, באַליידיקט ער זיך ניט פון די ווערטער. ער פאַרשטייט, אַז מעק מיינט זיין טובה. ענטפערט ער אים נאָר מיט אַ שמייכלדיקן קוק און מיט זיין פילדייטיקן זאָג:

„גערדאַדע היר, סמאַרט אַיריש!"



ש ל מ ה  ד מ ש ק

## 7. צום שורש

די נשמה ציט זיך צו איר שורש. דער גייסט בענקט נאָך זיין איינפלאַנץ־סביבה. אפילו דער שוואַכער קערפּער קען ניט צוריק־האַלטן דעם גייסט.

***

עס ציט־צו דער חידוש אין דער פרעמדער סביבה. דאָס אויסטערלישע רעגט דעם דמיון. ס'פאַרכאַפּט דאָס אויג דאָס נאָכפאָלגן די נאַטור פון מענטשן, קינדער פון פאַרשיידענע פעלקער און שבטים.

עס וואַרעמט אָבער ניט די זעל.

זי גאַרט און לעכצט צום מקור פון איר אויפקום, צום אָרט וואו זי האָט נערונג געפונען.

***

איך פרואוו פאַר מיר אָפּזונדערן אַן אייגן ווינקל, אַן אויסגע־דמיונ'טע סביבה; באַשאַפן פאַר מיין נשמה אַן אַטמאָספער, וואו זי זאָל איר תיקון געפינען.

איך באַפעסטיק מיך אין שריפט און וואָרט. איך שעפּ פון אַלטן קוואַל; פאַרשטאַרק דעם בונד מיט מיין אמונה; באַהעפט זיך מיט'ן בורא; פאַרבינד זיך מיט מיין פאָלק און מיין קולטור; חבר זיך מיט גוטע־פריינד, צום האַרצן־נאָענטע.

וועט מיין לעכצנדיקע נשמה געפינען איר תיקון?

וועלן די פרעמדע ווינטן ניט אויפטרייסלען מיין פעסטונג?



## 8. אין דערוואַרטונג

„טשיף״, דער שטענדיק שטיפערישער, האָט היינט געוויינט אָן אויפהער.

עלף חדשים זענען אַריבער זינט ער איז אָפּערירט געוואָרן. זיבן ריפּן האָט מען ביי אים געשניטן. ער האָט צוריקגעוואונען זיין געזונט אויף אַ גאַנץ צופרידנשטעלנדיקן אופן.

שוין זעקס חדשים אַז „טשיף״ איז „נעגאַטיוו״. מיט צוויי וואָכן פריער האָט אים דער הויפּט אונטערזוכונגס־דאָקטאָר אַרויפּ־געשטעלט אויפן צעטל פון די „באַפרייטע״.

ווער ס׳האָט טשיפ׳ן ניט געזען יענעם פרימאָרגן, האָט אין זיין לעבן ניט געזען קיין מער נערוועזן מענטשן. ער איז אַרומ־געלאָפן אַהין און אַהער, מיט דער מאַסקע אין האַנט. אַלע ווײַלע איז ער אַרויס פון וואָרד, זען צי דער דאָקטאָר איז שוין געקומען.

יאַן, דער פּאָלאַק, טשיפּ׳ס נאָענטסטער פריינד, האָט גע־פּרוּווט מיט אים איינ׳טענה׳ן: „וואָס לויפסטו אַרום ווי אַ צע־דולטער? ביסט דאָך זיכער אַז דער אונטערזוכונגס־דאָקטאָר וועט דיך פריילאָזן און וועסט גיין אינגיכן אַהיים. איך אויף דיין אָרט וואָלט גאָרניט געווען צערודערט און צעטראָגן״.

ווען די גליקלעכע מינוט איז געקומען און „טשיף״ איז אַרויס פון אונטערזוכונגס־צימער, באַצייכנט צו גיין אַהיים, האָבן זיך ביי אים פון מויל אַרויסגעריסן בלויז צוויי ווערטער: „אָה, באָי!״

לויטן איינגעשטעלטן סדר דאַרף „טשיף״ אין אַ וואָך, אָדער צוויי, געשטעלט ווערן פאַר אַ ספּעציעלער קאָמיסיע פון כירורגן, וואָס זאָל באַשטעטיקן דעם באַשלוס פון אונטערזוכונגס־דאָקטאָר. דערווייל האָט מען טשיפ׳ן און נאָך אַנדערע חולאים געגעבן אַ „געסטריק״ פּרוּוו.

עטלעכע טעג זענען פאַריבער. „טשיף״ האָט מיט אַ ציטעריק האַרץ געוואַרט צו זען וואָס וועט זיין די באַצייכענונג פון לעצטן פּרוּוו.

היינט פרי זענען דערהאַלטן געוואָרן פון לאַבאָראַטאָריע די

באַצייכענונגען פון די „געסטריקס״, און טשיפּ׳ס איז — „פּאָזיטיוו״.

אַז „טשיף״ האָט דאָס דערהערט האָט ער אויסגעבראָכן אין אַ ביטערן געוויין.

עס האָבן ניט געווירקט די אַלע טרייסטווערטער, מיט וועלכע די חברים האָבן טשיפּ׳ן געטרייסט און געזוכט צו באַרואיקן: „עס טרעפט אַזוינס גאַנץ אָפט; דאָס אַנטשיידט נאָך ניט דעם גורל פון חולה; וועסט באַלד האָבן אַ צווייטן „געסטריק״ און עס וועט צוריק־קומען „נעגאַטיוו״; די ספּעציאַליסטן־קאָמיסיע רעכנט זיך ניט מיט איין פאַל; וועסט זיכער גיין אַהיים״.

„טשיף״ האָט גאָרניט געוואָלט הערן. זיך ניט געלאָזט טרייסטן.

ווען כ׳האָב אים שפּעטער געטראָפן אין וואַשצימער, האָט פון זיינע אויגן אַרויסגעקוקט טיפער צער.

וואו איז אַהינגעקומען יענע וואוילע שטיפערישקייט, וואָס לייכט שטענדיק אַרויס פון טשיפּ׳ס גרויסע שוואַרצאַפּלען?



## 9. „בעלטשי״

אַ קלאַנג האָט זיך פאַרשפּרייט איבער די קראַנקנצימערן: בעלטש ווייס אויף אויסנווייניק די נעמען פון אַלע אַכט־און־פערציק שטאַטן פון אַמעריקע. ער, בעלטש, איז גרייט צו וועטן זיך מיט יעדן איינעם, וואָס וועט אים געבן פינף סיגאַרעטן אָדער אַ ניקל, אַז ער וועט ניט מאַכן קיין טעות אפילו אין איין נאָמען.

אָט דער בעלטש האָט שוין דאָ צוגעטראַכט אַ סך געוועטעכצן. ער האָט שוין פון אויסנווייניק אויסגערעכנט די נעמען פון אַלע פּרעזידענטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן; די נעמען פון אַלע אַמע־ריקאַנער קאָמפּאָזיטאָרן, דיריגענטן — און האָט געוואונען אַ היבש ביסל סיגאַרעטן און קליינגעלט.

ראַבלי, וואָס איז, דוכט זיך, גאָר פריינדלעך צו בעלטש׳ן,

טראָגט אים שטענדיק אַנטקעגן סיגאַרעטן און נאַשערייען, לאָזט ניט דורך קיין געלעגנהייט אים אַריינצוזאָגן:

„אַזוי, אַזוי, בעלטשי! גרייטסט זיך דאָ אָן, ליגנדיק אין בעט אונטערן קאָלדרע, אַ גאַנץ פיינע און לייכטע פרנסה. ווען דו וועסט אַרויס פון שפיטאָל, וועסטו זיך אַוועקשטעלן ערגעץ אויף אַ ראָג פון דער צוויי־און־פערציקסטער גאַס, און דורך אַזעלכע געוועטן מיט אַלערליי „סאָקערס" קענסטו מאַכן אַ היבש ביסל קליינ־געלט".

ראַבלי האַלט אין איין אויפוויינען בעלטש'ן, אַז ער פטור'ט אַוועק זיינע טעג און יאָרן אונטער דער קאָלדרע: „דעם אמת געזאָגט, בעלטשי, ביסטו דאָך שוין געזונט: „עי קיורד קייס"; פאַרוואָס־זשע טוסטו זיך ניט אָן און גייסט ניט אַרויס צו די מייד־לעך, וואָס דו ביסט אַזוי פאַרכליאָפּעט אין זיי?"

חברה לצים צווישן די חולאים האָט איינגערעדט בעלטש'ן, אַז ער פאַרמאָגט אַלע מעלות, וואָס די אַמעריקאַנער מיידלעך זוכן אין אַ געליבטן: „הויך־געוואַקסן, טונקל־הויטיק און פול מיט חן".

בעלטש האָט אַ שוואַך, הייזעריק שטימעלע, און זינגט אָפט באַוואוסטע פאָלקס־לידלעך.

די לצים וואַרימען אים אונטער ער זאָל זינגען. ווען בעלטש דערהערט די הענט־פּאַטשערייען און די אויסרופן: „בעלטש, זינג עפּעס!" — קען ער ניט ביישטיין דעם נסיון.

ביים זינגען שטעלט ער זיך אַוועק אין אַ פּאָזע פון די „בליוס" זינגערס. האַלט אין איין וואַרפן מיט זיינע לאַנגע הענט. דאָס פּנים פאַרקרומט. זיין לאַנגע נאָז גרייכט ביז אין מויל אַריין, און יעדע תנועה זיינע איז קאָמיש, אַזש מען קייכט פון געלעכטער.

בעלטש פילט עס ניט. ער מיינט אַז די חברים האָבן גרויס הנאה פון זיין זינגען. ער זאָגט אָפט: „ווען מיין מזל שפּילט נאָר צו, וואָלט איך געקענט זינגען אויף דער ראַדיאָ".

ווען בעלטש'ן פעלט אויס דער סענט גייט ער אַרום בעטן אַ סיגאַרעט, אָדער אַביסל טאַבאַק. און ווי עס פאַלט אים נאָר אַריין

אַביסל קליינגעלט, זעצט ער זיך באַלד צו, צו דער חברה קאָרטן־שפּילער. דאָס רוב, אָבער, גייט ער אַוועק פון זיי אַן אָנגע׳ברוגז׳־טער, מיט אַ חשד, אַז מ׳האָט אים באַשווינדלט.

**
*

מיט אַ פּאָר טעג צוריק איז צווישן בעלטש׳ן און טשיפּ׳ן גע־קומען צו אַ קריגעריי.

בעלטש האָט געגעבן טשיפּ׳ן אויסצופּלעטן זיין „סוועטער״. „טשיף״ איז אַרומגעגאַנגען מיטן סוועטער צווישן די חברים אין אונדזער קראַנקנצימער און אין אַנדערע וואָרדס און צוזאַמענגע־נומען צוויי דאָלער, צו צען סענט אַ פּלעט.

אָנשטאָט פופציק סענט, וואָס בעלטש האָט צוגעזאָגט טשיפּ׳ן פאַר זיין טרחה, האָט טשיף זיך איבערגעלאָזן זעכציק סענט. בעלטש האָט געהאַלטן אין איין מאָנען פון טשיפּ׳ן, ער זאָל אָפּגעבן די צען סענט, וואָס ער האָט ביי אים גע׳גזל׳ט.

טשיף האָט בעלטש׳ן ניט געשאַנעוועט און באַקלאָגט זיך, אַז בעלטש שאַצט ניט אָפּ די גרויסע טובה, וואָס ער, טשיף, האָט אים דאָ געטאָן:

„איז דיר וויניק וואָס כ׳האָב דיר אַריינגעבראַכט פאַר דיין אָפּגעטראָגענעם, צעדריבלטן סוועטער אַ דאָלער מיט פערציק סענט, און דו וואַגסט נאָך אַ קול צו הויבן און באַקלאָגן זיך?!״

די חברים האָבן אויסגעהערט די טענות, זיך צעטיילט אין צוויי לאַגערן: אַ טייל האָט געהאַלטן מיט בעלטש׳ן, און די אַנדערע האָבן גערעכט געגעבן טשיפּ׳ן, וואָס האָט געדאַרפט זיך אָנשטרענ־גען אַ סך, קריכן אויף די טרעפּ און איינריידן אַזויפיל חולאים, אַז זיי זאָלן נעמען אַ פּלעט.

ראַבלי, אויף זיין שטייגער, האָט הנאה געהאַט פון דעם גאַנצן ענין. אַז די קולות און דער געפּילדער זענען אַ ביסל שטילער געוואָרן, האָט ער זיך אָנגערופן צו בעלטש׳ן:

„און איך זאָג דיר נאָך אַמאָל, בעלטשי: פאַרלאָז וואָס שנע־לער דעם שפּיטאָל! איך זע דאָך שוין, אַז גאָר־אין־גיכן וועסטו אויספּלעטן דיינע לעצטע פאָר הויזן, און דאַן וועסטו בלייבן אויף אייביק פאַרפּאַקט דאָ, אין גרינלאַנד".



## 10. שטיל אַוועק

„פּאַפּ" בראַון, דער עלטסטער פון דער חבורה אין לינקן־פליגל־וואָרד, איז נעכטן געשטאָרבן.

דער טויט איז געקומען ניט פּלוצים. שוין וואָכן, אַז זיין גוף איז ביסלעכווייז איינגעשרומפּן, און ס'איז געבליבן הויט און ביינער.

אויסגעגאַנגען איז ער אַן זיפצעניש, אַן קרעכצעניש. שטיל אַוועק — און נישטאָ.

אַ טראַגישער גורל האָט מיך צוזאַמענגעבונדן מיט „פּאַפּ" בראַון. צוזאַמען האָט מען אונדז געבראַכט פון ב — ער שפּיטאָל. ביידן האָט מען אונדז אַוועקגעלייגט אין זעלבן וואָרד. עטלעכע וואָכן זענען מיר געווען בעט־שכנים. נאָכדעם האָט מען אונדז פונאַנדערגעטיילט. שפּעטער, ווען מ'האָט מיך אויך אַריבערגעפירט פון גרויסן קראַנקנצימער אין קליינעם לינקן פליגל־וואָרד, זענען מיר ווידער געוואָרן שכנים.

בראַון האָט אויך שטאַרק געליטן פון אַסטמע. דאָס האָט מיך צו אים נאָך מער צוגעבונדן. איך, וואָס האָב אַליין אַזויפיל געליטן פון אָט דער ביטערער מחלה, האָב באַזונדערס מיטגעפילט זיינע יסורים. איך האָב אין אים געזען אַ ברודער־אין־לייד.

אומדערבאַרמדיק־טראַגיש איז געווען זיין איינזאַמקייט די לעצ־טע צייט, פאַרלאָזן און פאַרגעסן פון פריינט און משפּחה.

מיט זעקס וואָכן צוריק, ווען זיין אָטעם איז געוואָרן זייער קורץ, און טעג נאָכאַנאַנד געלעבט אויף אָקסידזשען, האָט ער גע־

שיקט אַ טעלעגראַמע צו זיינע פריינט. געקומען עפּעס אַ קרוב אים באַזוכן. בראַון האָט שטאַרק געהוסט. דער קרוב איז געזעסן עטלעכע מינוט. אַז ער האָט געהערט בראַונ׳ס הוסטן, האָט ער גענומען זיך איילן אַוועקצוגיין. האָט צוגעזאָגט אַז מען וועט בראַונען קומען באַזוכן.

קיינער איז מער ניט געקומען.

דאָס האָט בראַונען שטאַרק געערגערט. אין זיין לעצטן בריוו צו די קרובים, וואָס דער חולה, דער גוטער מעלווין, האָט פאַר בראַונען געשריבן, האָט ער זיי שאַרף אויסגערעדט פאַר דעם פאַרברעכן.

ווען מיינע קרובים פלעגן קומען רעגלמעסיק מיך באַזוכן, האָב איך מיך געפילט ווי שולדיק קעגן דעם איינזאַמען בראַונען. ס׳האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דער באַזוך פון פריינט ביי די אַנדערע חולאים, באַטאָנט נאָך מער זיין ביטערע איינזאַמקייט.

די באַציאונג פון די חברים צו „פּאָפּ" בראַון איז געווען זייער אַ האַרציקע. מ׳האָט זיך געמיט אים צו פאַרגרינגערן און באַהילפיק זיין מיט וואָס נאָר מעגלעך. אַמאָל אפילו — איבער די כוחות.

בראַון איז געווען געבענטשט מיט אַ חוש פאַר הומאָר. אין די טעג, ווען ער האָט זיך געפילט בעסער, פלעגט ער זיך וויצלען און אונטערהאַלטן די חברים מיט המצאות און שפּיצלעך.

בראַון האָט געפילט אַז זיינע טעג זענען געציילט, און איז גרייט געווען אויפצונעמען זיין אויסלייזער — דעם טויט.

עטלעכע מינוטן נאָך יציאת נשמה האָט מען אַרויסגעפירט בראַונ׳ס בעט.

אַנטקעגן אָוונט האָט מען דאָס בעט צוריק אַריינגעבראַכט. גאַנץ פרי איז אויף דעם בעט שוין געלעגן אַ נייער חולה.

און דאָס וועלטל פון די קראַנקע גייט זיך אָן ווי געווען...



# 11. אַ בעל־דברן

ווען מען ברענגט אַריין אַ נייעם חולה אין לינקן פליגל־וואָרד, ווען דער ניי־געקומענער קוקט זיך ערשט אַרום, באַטראַכט דאָס אָרט וואוהין זיין גורל האָט אים געבראַכט, און די חברים מיט וועמען ער וועט דאַרפן פאַרברענגען די טעג פון זיין ליגן דאָ, — הייבט באַלד אָן מאַריטוס אים צו פאַרוואַרפן מיט פראַגן. ער נעמט דעם נייעם חולה אויפן פאַרהער: פאָרשט אויס און פרעגט זיך נאָך פון וואַנען ער קומט; וועגן זיין פאַמיליע און געשעפטן; צי איז ער אַ באַווייבטער, צי נאָך אַ בחור. אפילו וועגן אינטימע ענינים פון צווישן מאַן און ווייב, פרעגט מאַריטוס אויס. ער פאָלגט נאָך די ענטפערס פונ׳ם ניי־אָנגעקומענעם חולה, זוכט אַ שוואַכן פונקט אין זיינע ווערטער, ער זאָל אים קענען נאָכדעם דערגיין די יאָרן און אַריינזאָגן שטעכווערטלעך.

דער נייער חולה איז פול מיט האָפענונגען, אַז דאָ אין שפיטאָל וועט ער קריגן זיין תיקון, און וועט אין עטלעכע חדשים אַרום געזונט ווערן. אָבער מאַריטוס לאָזט אים זיך ניט שפּילן מיט האָפענונגען: „זעסט דאָרט אָט יענעם? ער ליגט דאָ שוין דריי יאָר. און דער קראַנקער דאָרט ביי דיין רעכטער זייט, איז שוין דאָ פינף יאָר. און וויפיל יאָר, אַ שטייגער, מיינסטו, געפין איך זיך אין די שפיטאָלן? — צוועלף יאָר! יע, יע, ברודערל, גאַנצע צוועלף יאָר!"

ווען דער ערשט־געקומענער לויבט דאָס עסן, אָדער די באַדינונג, פלאַקערט אויף אין מאַריטוסעס שוואַרצע, שאַרפע אויגן אַ פייערל פון הנאה׳דיקן חוזק, און ער גיט זיך אַ זאָג:

„אַוודאי ביסטו, ברודער, אַריין מיטן רעכטן פוס אין ריכטיקן פלאַץ. מ׳וועט דיר דאָ געבן פרישע סטעיקס טאָג נאָך טאָג, און אייער וויפיל דיין גאָרגל קען אַריינזופּן. וואָס דו וועסט נאָר פאַרלאַנגען, וועט מען דיר באַלד דערלאַנגען. דאַרפסט נאָר בעטן, וועלן גלייך די ספּריטנע נוירסעס דיר צושטעלן וואָס דיין האַרץ גלוסט".

און אַז עס גייען פאַרביי אַ פּאָר טעג און דער ביט־לאַנגגעקומענער חולה באַקלאָגט זיך אויף געוויסע נויטיקע באַדערפעניש,

וואָס פעלן אין שפּיטאָל, פּאַקט אים באַלד מאַריטוסן ביי די פּאַר־דראָסיקע ווערטער און זאָגט אים אַריין:

„וואָס זשע האָט מען זיך, גוטער ברודער, אַזוי צעזונגען מיט אַ פּאָר טעג צוריק, און אַזוי געלויבט דעם „טייערן" פּלאַץ?"

מאַריטוסעס צונג ווערט קיינמאָל ניט מיד. ער מאָלט אָן אַן אויפהער. ער לאָזט זיך אַריין אין פּוסטע שמועסן, וואָס נעמט צו זיי קיין סוף ניט. אַלץ איז פאַר מאַריטוס'ן אַן עניין צום פּלאַפּלען. ער האַלט אין איין ריידן וועגן זיינע מיחושים און וועגן טויטן־קאַסטן, וואָס איז שוין גרייט פאַר אים, כאָטש ער ווייס גאַנץ גוט אַז די חברים גלויבן אים אַ וואָרט ניט. זיי ווייסן, אַז מאַריטוסעס געזונט־צושטאַנד איז בעסער, און ער פילט זיך שטאַרקער פון די אַנדערע קראַנקע.

מאַריטוס האָט אויך אַ ווילדע טבע — ער זאָגט דעות און גיט יעדן איינעם עצות, צי מ'פרעגט אים, צי ניט. וועמען היינט געלויבט — איז מאָרגן צעשטויבט.

דערוויסט ער זיך עפּעס, צעפּויקט ער עס באַלד פאַר אַלעמען. ראַבלי, אויף זיין שטייגער, זאָגט:

„ווילסטו האַלטן עפּעס אַ סוד — פאַרטרוי דאָס מאַריטוס'ן".

די חולאים ווייסן, אַז מאַריטוס האָט נאָך אַ שוואַכקייט: לייענען צייטונגען. איבערהויפּט לייענט ער די נייס פון פראַנט און פון דער פּאָליטישער וועלט. ער לייענט יעדן טאָג עטלעכע צייטונגען, וואָס ער קריגט ביי די חברים.

דער איד, מאַלוסאָן, זיין בעט־שכן, גיט מאַריטוס'ן יעדן טאָג די נאָכמיטאָג־צייטונג, וואָס מאַריטוס האָט זייער ליב צו לייענען. אָפּט־מאָל קויפט מאַלוסאָן פאַר אים צוויי צייטונגען. עס טרעפט אַז מאַלוסאָן אַליין קען ניט לייענען צוליב שוואַכקייט. ער קויפט, אָבער, די צייטונגען פאַר מאַריטוס'ן. מאַלוסאָן זאָגט אָפּט:

„ס'איז ביי מיר ווערט צו־צושטעלן מאַריטוס'ן צוויי צייטונגען אַ טאָג, און נאָך צוויי, אַבי ער זאָל זיין פאַרטאָן אין לייענען, און ער זאָל אונדז צו רו לאָזן און ניט קלאַפּן מיט דער צונג".

ראַבלי באַמערקט אים וועגן דעם:

„נאַר זיך נאָר אַליין ניט, מאַלוסאַן! מאַריטוס לייענט היינט אַזויפיל, כדי ער זאָל האָבן מאָרגן וועגן וואָס צו פלאַפּלען, וועגן וואָס צו אַמפּערן זיך מיט זיינע אָפּאָנענטן, און מיט וואָס צו דערגיין זיי די יאָרן".

מאַריטוס וואַרפט אים גלייך צו:

„מילא! זייט מיר כאָטש מודה, אַז ווען ניט איך, וואָלט אַ בית־עולם־שטילקייט געהערשט דאָ, אין דעם פאַר'עיפּוש'טן וואָרד"!



## 12. דער צער פון די יחידים

רבון העולמים! דו פאַרנעמסט דאָך דאָס געשריי פון זעל, ווי דו זעסט דעם שטומן צער.

ווער קען ווערטער געפינען פאַרן טרויער פון אַ זון, וואָס דער־וויסט זיך וועגן טויט פון זיין מאַמען; — און ער, געשמידט צום קראַנקנבעט, קען איר דעם לעצטן כבוד ניט צוטיילן.

און ווער קען אויסדרוק געבן צום טיפן צער פון אַ געטרייער מאַמען, וואָס קומט באַזוכן איר קראַנקן זון, איר אויג אין קאָפּ; — און ער דערקענט זי ניט, און קוקט זיך ניט אום אויף איר, ווייל זיין מוח איז פאַרווירט.

אַב הרחמים! אין לאָגל פון טרויער, וואָס איז טיפער פון'ם תהום, מיטן צער פון אַ וועלט, וואָס גייט אָפּ אין בלוט און ווייטיק, נעם אַריין אויך דעם צער פון די יחידים, באַלאָדענע מיט פיין און ליידן.



ש ל מ ה  ד מ ש ק

# 13. אַ שעה פון אַנטשיידונג

**היינט** איז אַנטשיידן געוואָרן מיין גורל.

דער פאָרשלאַג פון דער קאָמיסיע פון כירורגן־ספּעציאַליסטן איז — אַן אָפּעראַציע: אויסשניידן טיילן פון די ריפּן, כדי צוזאַמענדריקן די לונג („טהאָראַקאָפּלאַסטי״).

כאָטש כ׳האָב זיך געריכט צו הערן אַזאַ פּסק פון די ספּעציאַליסטן, פונדעסטוועגן בין איך געווען צערודערט פאַר מיין אַריינגיין אין צימער, וואו עס זיצט די קאָמיסיע, און ביים אַרויסקומען פון דאָרטן.

אָט די שעה, וואָס באַשטימט אָפּט דעם גורל פון „זיין, אָדער ניט זיין״, קען אויפרודערן און אויפשטורעמען דאָס האַרץ.

עס איבערראַשט און עס טרייסלט אויף דער פאָרשלאַג פון דער קאָמיסיע, וואָס קומט נאָך אַ באַראַטונג פון בלויז קורצע מינוטן.

שעה׳ן זענען אַריבער...

כ׳האָב מיט מיין שכל באַהערשט מיינע צעשטורעמטע געפילן.

כ׳האָב אָפּגעוואויגן מיין לאַגע אויפן וואָגשאָל פון דער טרויעריקערווירקלעכקייט, און מיין רואיקייט האָט זיך צו מיר אומגעקערט.



## 14. איינער, אַן אויסדערווײלטער

מ׳יט דריי וואָכן צוריק האָט מען אַרײַנגעבראַכט אין לינקן פליגל־וואָרד אַ נייעם חולה: אַ הויך־געוויקסיקן, יונגן, שלאַנקן נעגער, מיט אַ פּאָר גרויסע, פאַר׳חלומ׳טע אויגן.

זיין אָנקומען אין וואָרד האָט געמאַכט אַ רושם. דעם זעלבן טאָג נאָך זענען געקומען פיל באַזוכערס, מענער און פרויען, אים זען. בלומען האָט מען געבראַכט צו זיין בעט. טעלעגראַמעס זענען אָנגעקומען.

די חברים האָבן זיך איבערגעקוקט און געוואונדערט: ווער איז ער עס, וואָס עס רעש׳ט זיך מיט אים אַזוי ?!

דער סוד איז באַלד אַרויס: מ׳האָט זיך דערוואוסט אַז דער ניי־געקומענער איז האָטשינס, דער באַוואוסטער גיטאַרע־שפּילער אין דער קאַפּעליע פונ׳ם „קעניג פון סווינג״.

פון יענעם טאָג אָן האָבן געקלעפּט צו אים זיינע ראָסן־ברידער צווישן די חברים־חולים.

נאָך דעם פאַרגעטערטן דזשאָו לואיס, איז האָטשינס געוואָרן זייער ליבלינג און זייער שיינדל.

נאָך די רו־שטונדן פון נאָכמיטאָג, אָדער פאַרנאַכט־צו, קלייבן זיי זיך צונויף אַרום אים. ער, האָטשינס, זיצט אויבנאָן אין בעט, רעדט און דערציילט וועגן אַלץ וואָס זיין אויג האָט געזען אין די ווייטע מדינות, וואָס ער האָט דורכגערייזט און באַזוכט מיט דער קאַפּעליע.

שטונדן לאַנג זיצט האָטשינס און דערציילט אין זיין „דזשאָר־דזשיע״ר אויסגעצויגענער אויסשפּראַך. פון צייט צו צייט איז ער מפסיק אַ ווײַלע, גיט אַ לאַנגן טשמאָקע מיט די ליפּן, און, איבער־פולט מיט תאווה צו ריידן, קערט ער זיך צוריק אום צו זיין דערציילן.

און די חברים זיינע? — זיי ווערן גאָרניט מיד אויסצוהערן די אַלע נסים, וואָס ער דערציילט זיי פון דער גאָט־געבענטשטער קאַליפאָרניע און פון האָליוואוד, וואָס איז איבערפולט מיט וואונדער איבער וואונדער און „מואווי־סטאַרס״.

די נעגערס זענען קיינמאָל ניט מפסיק זייער פּאַרערטן דער־ציילער. די ליולקעס שטעקן ביי יעדן אין מויל. די אויגן ברייט־צעעפנט. די פּנימ׳ער לויכטן, דריקן אויס גרויס התפעלות: ווי קען עס איין בשר־ודם האָבן אַזויפיל געזען און אַזויפיל וויסן!

האָטשינס זעט דאַן אויס ווי אַן עלטסטער פון אַ שבט, וואָס זיצט אין די אָוונטן ביים פונאַנדערגעלייגטן פייער, און דערציילט לעגענדעס און וואונדיירים פון אַמאָל.

**
*

אַז ס׳איז אַריבער אַ וואָך נאָך זיין אַריינקומען אין שפּיטאָל, האָבן פריינט געבראַכט פאַר האָטשינס׳ן אַ פּראַכטפולע גיטאַרע, אין אַ שיין־געשניצט שיידל.

די נייס האָט זיך באַלד צעטראָגן: די וואונדער־כלי אויף וועל־כער האָטשינס שפּילט אַזוי בריה׳ש, געפינט זיך שוין לעבן אים, אין לינקן פליגל־וואָרד.

מיט גרויס נייגער האָבן די חברים אַרויסגעקוקט אויפן טאָג, ווען האָטשינס וועט פאַר זיי שפּילן.

די געשפּאַנטקייט איז געוואָרן גאָר־גרויס ביי אַלע חברים און נאָך מער ביי די נעגערס, ווען מ׳האָט זיך דערוואוסט, אַז האָטשינס שטעלט אָן די גיטאַרע און קלייבט זיך צו שפּילן.

פון גרויסן קראַנקנצימער און פון קליינעם רעכטן פליגל־וואָרד האָבן די חולים געשטראָמט צום לינקן פליגל־וואָרד צו הערן זיין שפּילן.

און ווען ס׳האָבן זיך דערהערט די „דזשאַז" און „סווינג" מעלאָ־דיעס, האָבן די נעגערס באַלד אָנגעהויבן שאָקלען מיט די קעפּ, פליעסקען מיט די הענט און צו־האַפּקען מיט די פיס צום טאַקט פון שפּילן.

און אָט האָט האָטשינס אָנגעהויבן שפּילן נעגערישע פאָלקס־מעלאָדיעס רוישיקע, אָנגעזאַפּטע מיט אומעט און בענקעניש.

האָבן זיך נאָך מער צעוואַרימט די הערצער פון די חברים־

נעגערס. די פיס הא̇בן א̇נגעהויבן אונטערטענצלען א̇זוי גיך־גיך. די אויגן הא̇בן געשא̇סן מיט פונקען פון בענקשא̇פט און התפעלות.

אייניקע הא̇בן זיך א̇ הויב געטא̇ן פון די ערטער, ווי זיי וואָלטן זיך א̇רויסגעריסן פון צוים, און גענומען בא̇גלייטן דא̇ס שפילן פון גיטא̇רע מיט געזא̇נג און פלינקן טא̇נץ.

א̇ שעה פון דערהויבונג, פון עקזא̇לטא̇ציע, איז עס געווען ביי זיי.

זיי הא̇בן געזען פא̇ר זיך א̇ן אויסדערוויילטן, א̇ וואונדער־מענטש, וואָס איז צו זיי א̇רא̇פּגעקומען פון זייער קדמונים־לא̇נד, און מיטן צויבער פון זיין שפּילן הא̇ט ער א̇ תיקון געגעבן צו זייערע לעכצנדיקע נשמות.

ער הא̇ט זיי אויף א̇ ווייל צוריק־געבראַכט צו דער סביבה פון זייער אורא̇לטן היימלא̇נד.



# 15. ווער פון זיי איז בעסער

**א̇ דא̇קטא̇ר** „א̇ שוויגער", א̇דער א̇ דא̇קטא̇ר „א̇ בא̇ריידעוו־דיקער" — ווער פון זיי איז בעסער?

— א̇ט די פרא̇געס איז היינט א̇רויף אויף דער טא̇ג־א̇רדענונג ביי אונדז אין ווא̇רד, און הא̇ט א̇רויסגערופן א̇ פּלא̇מיקע דעבא̇טע.

בא̇רדי „דער היציקער", איינער פון די „א̇פּיס מקורבים", וואָס „ווייס א̇לע סודות", איז צוריקגעקומען אין ווא̇רד, ווען די נא̇כמיטא̇ג־רו־שטונדן הויבן זיך א̇ן, און הא̇ט געבראַכט די נייס, א̇ז ער הא̇ט זיך נא̇ר וואָס דערוואוסט, א̇ז ד"ר ג., אונדזער „הויז־דא̇קטא̇ר", הא̇לט ביים פא̇רלא̇זן דעם שפּיטא̇ל.

— א̇ שא̇ד! — הא̇ט געלא̇זט פא̇לן מעק. — ער איז א̇ גוטער דא̇קטא̇ר און ווייסט שטענדיק וואָס ער הא̇ט צוטא̇ן.

א̇ט די בא̇מערקונג הא̇ט אויפגעבראַכט דעם נעגער הא̇בסא̇ן, דעם „בעל מוח" פון ווא̇רד, וואָס הא̇ט ליב דיסקוסיעס. ער איז אויפגע־שפּרונגען און הא̇ט א̇ זא̇ג געטא̇ן צו מעק'ן:

— וואָס פאַר אַ גוטס האָסטו אַזוינס געפונען אין דאָקטאָר ב.,  וואָס דו לויבסט אים אַזוי? אַ דאָקטאָר אַזאַ ווי ער, וואָס האַלט אין איין שווייגן און גיט דיר ניט קיין ענטפער אויף דיינע פראַגן, איז ביי מיר גאָרניט ווערט.

זע נאָר! אַ נייעם חסרון האָט ער געפונען אויף אַ דאָקטאָר, דאָס וואָס ער לאָזט זיך ניט אַריין אין לאַנגע שמועסן און פּלאַפּלט ניט ווי אַ וואַש־פרוי. — האָט צוגעוואָרפן באַרדי.

— און איך באַטאָן נאָך־אַמאָל, אַז איך וואָלט ניט געגעבן אַן אָפּגעריבענעם ניקל צו אַ דאָקטאָר, וואָס קלערט ניט אויף זיינע פּאַציענטן געגנוי און דייטלעך אין וואָס זייער קראַנקייט באַשטייט, כדי זיי זאָלן וויסן צו זיין פאָרזיכטיק און ווי אויף זיך אַליין אַכטונג צו געבן. — האָט האָבסאָן ניט אָפּגעלאָזט.

— ניט אַלע מאָל איז אַזוי גוט אַז דער קראַנקער זאָל צופיל וויסן וועגן זיין קראַנקייט. אָפּטמאָל קען מען וועגן אַ פּאַציענט זאָגן: „ווייניקער געוואוסט — ווייניקער געזאָרגט״. — האָט מאַלוסאָן אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג.

מעק האָט זיך ווייטער אָפּגערופן:

— און איך, פון אייגענער דערפאַרונג, זאָג איך, אַז אין מיינע אויגן שטייט פיל העכער אַ דאָקטאָר אַ שווייגער, וואָס קען זיין פּראָפעסיע, ווי אַ דאָקטאָר וואָס האַלט אין איין ריידן, און פאַרגעסט אָפּט דאָס סאַמע וויכטיקסטע.

האָבסאָן האָט מעק׳ן ניט געלאָזט ענדיקן:

— אָט דאָס איז דאָך די צרה, וואָס די מערסטע מענטשן האָבן ליב נאָכצוגיין בלינד דעם, וואָס פירט זיי. איך, אָבער, וועל ניט נעמען אין אַכט די מיינונג פון אַ דאָקטאָר, וואָס קלערט מיר ניט אויף דעם צוועק פון זיין באַהאַנדלונג, און וואָס ער איז אויסן מיט די פאַר׳עיפוש׳טע פילן, וואָס ער גיט מיר.

דאָ האָט לעש „דער מיושב׳דיקער״ גענומען דאָס וואָרט:

— כאָטש איך גיי ניט אַזוי ווייט ווי האָבסאָן, און האַלט אַ דאָקטאָר, וואָס האָט שטודירט און פּראַקטיצירט פאַר גענוג בר־

סמכא צו פאַרשרייבן פּילן אָן פּירושים, דאָך מיין איך, אַז אַ דאָקטאָר, וואָס איז ניט קאַרג אויף אַ וואָרט מיטן פּאַציענט, טוט־אויף מער ווי דער שווייגער. מיט גוטע רייד קאָן ער געווינען דעם צוטרוי פון חולה, ער זאָל גלויבן אין אים און אין זיינע הייל־מיטלען. און דאָס איז דאָך אַ באַוואוסטע זאַך, אַז אין די ענייגים פון היילונג, קען גלויבן און צוטרוי אויפטאָן וואונדער.

מעק האָט זיך אַ הויב געטאָן פון בעט און זיך געקליבן ענטפערן. ער האָט זיך, אָבער, גלייך צוריקגעלייגט ווען ס׳האָט זיך געלאָזט הערן דאָס קול פון דער הויפּט־שוועסטער: „וויפיל מאָל דאַרפמען איך דערמאָנען, אַז די שעה׳ן צווישן איינס און דריי זענען רו־שטונדן און ניט דיסקוסיע־שטונדן? איר מעגט מיר גלויבן, אַז איך גיי גלייך פאַרשרייבן אויפן טאָוול די נעמען פון אַלע אָרדענונג־שטערערס!״

געצוואונגערהייט האָבן די אָפּאָנענטן איבערגעריסן די דיסקוסיע. די ברענענדיקע פראַגע איז געבליבן הענגען אין דער לופטן.



## 16. מילטש, מילטש און קאָמפּאַני

בלויז עטלעכע שעה נאָכדעם ווי מילטש איז אַריינגעפירט געוואָרן אין שפּיטאָל, אין לינקן פליגל־וואָרד, האָבן שוין די חברים דערקענט גאַנץ קלאָר, אַז אין זייער שטייג האָט מען דאָס מאָל אַריינ־געבראַכט אַ פויגל פון גאָר אַן אַנדער קאַנט.

מילטשעס באָרד־אַנוואוקס, וואָס איז שוין אַ צייט ניט געגאָלט געוואָרן; זיין קאָלירלאָזע ניט־פאַרקאַמטע טשופּרינע, וואָס איז אַראָפּגעהאַנגען אויף זיין שמאָלן שטערן און אַריינגעפאַלן אין זיינע קליינע טונקל־בלויע אויגן; זיין זשוליקעוואַטער קוק און זיין קרומ־לעכער שמייכל; — האָבן עדות געזאָגט מאַריטוס׳ן, דעם „בעל דברן״, אַז אָט דער פאַרשוין איז ווערט, ער זאָל ביי אים באַלד אַ טאַפּ טאָן אין וואָגן:

— פון ניו־יאָרק, באַדי?

— ניין, פון ק...

— און מיט וואָס פאַרנעמסטו זיך?

— אַ סיילסמאַן; כ׳פאַרקויף זאַכן.

— אַ באַווייבטער?

— יע און ניט. ס׳איז דאָ אַ מיידל. כ׳האָב מיט איר גוט אַ לעב געטאָן עטלעכע חדשים. צום טייוול! כמעט שוין געווען איינ־געאָרדנט.

— זאָרגסט זיך וועגן איינאָרדענען? נעם זיך נישט צום האַרצן, חבר! איך קאַוויר דיר, אַז באַלד ווי ביסט אַריבער די שוועל פון שפיטאָל, ביסטו שוין אַן איינגעאָרדנטער מענטש.

די חברים האָבן אַרויסגעפּלאַצט אין אַ געלעכטער.

— און וואָס אָנבאַלאַנגט אַ פרוי, ברודער, — האָט מאַריטוס ווייטער געצינגלט, — קאָן מען זיך פאַרלאָזן אַז אַ „סיילסמאַן" ווי דו, וועסט שוין דאָ געפינען אַ מיידל ווי דיין האַרץ געלוסט. זעסט די געביידע דאָ קעגנאיבער? בילד־שיינע מיידלעך פאַראַן דאָרטן. ס׳וועט דיר זיין כדאי צו באַקענען זיך מיט זיי.

— פאַרלאָז זיך אויף מיר, מאַריטוס! אויב דער מין איז נאָר דאָרטן פאַראַן, וועל איך שוין געפינען מיין וועג אַהין, ניט גע־בלאָנדזשעטערהייט.

מילטש האָט אַרויסגענומען אַ סיגאַרעטל, פאַררויכערט, און דאָס אָפּגעברענטע שוועבעלע אַראָפּגעוואָרפן אויפן דיל.

— זיי וויסן, דו ניי־געקומענער, אַז לויט די געזעצן פון שפיטאָל טאָר מען ניט רויכערן אין די וואָרדס!

אָט דאָס געזעץ האָט מילטש׳ן געלאָזט וויסן כליעפּאַק, אַ באַ־בייכלטער, געפּאַקטער חולה פון סלאָוואַקיע, וואָס מאַלוסאָן האָט אים אַ נאָמען געגעבן: „דער סטאַראָסטע".

— און וועמען גייען עס אָן די געזעצן? — האָט מילטש צוריק־געוואָרפן כליעפּאַק׳ן. — כ׳בין אַהער געקומען פון אַן אַנדער שפּי־טאָל, און זיי זענען מיך דאָרטן אויך ניט אָנגעגאַנגען.

דער „סטאַראָסטע" איז געוואָרן אויפגעקאָכט:

— אָ! איצט ווייס מען שוין! מ'האָט דיך זיכער פון דאָרטן אַרויסגעוואָרפן פאַר ברעכן די דיסציפּלין. גיב נאָר אַכטונג, יונגער־מאַן, מ'זאָל דיך פון דאַנען אויך ניט אַרויסוואַרפן.

— זיי וויסן, אַלטער, אַז כ'בין אַהער ניט געקומען אויסהערן דיין גאָט־פאַרדאַמטע שטראָף־רייד. מסתמא ווייסטו, אַז אַמעריקע איז אַ פרייע לאַנד. יעדערער טוט וואָס אים געפעלט.

כליעפּאַק האָט עפּעס אַ ברום געטאָן, און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

אַ פּאָר מינוט איז שטיל געווען אין וואָרד. מאַריטוס האָט עס לאַנג ניט אויסגעהאַלטן און זיך אָנגערופן צו מילטש'ן: „דו ווייסט? מיר האָבן דאָ נאָך אַ מילטש אין גרויסן וואָרד. ווער ווייסט, אפשר זייט איר גאָר קרובים אויך! נאָך מיטאָג וועל איך דיך באַקענען מיט אים.

אין דער צייט פון מיטאָג עסן, ווען די קראַנקנשוועסטער האָט דערלאַנגט די חלקים, האָט איר מילטש צוגעוואָרפן שקאָצעוואַטע קוקן, און זיין שמייכעלע איז אים ניט אַראָפּ פון די ליפּן. מאַריטוס, וואָס האָט אים, ווי זיין שטייגער איז, ניט אַרויסגעלאָזט פון אויג, האָט אים באַלד צוגעוואָרפן: „איך זע, אַז דו ביסט זייער אַ רירעוו־דיקער יונג. אַרבעטסט שנעל, מילטשי!" און צו האָטשינסן האָט מאַריטוס אַ זאָג געטאָן: „היט זיך, האָטשינס! האָסט דאָ איצט אין וואָרד אַ געפערלעכן קאָנקורענט".

נאָכמיטאָג האָט מאַריטוס פאַרצויגן מיט מילטש'ן אַ שמועס וועגן זיין מיידל, און בכלל וועגן עראָטישע ענייִנים. און דאָ האָט מילטש געוויזן וואָס ער קען. עס האָט פון אים געשטראָמט מיט מעשיות. האָט ניט אויפגעהערט דערציילן „אינצידענטן", וואָס האָבן זיך פאַרלאָפן צווישן אים און זיינע געליבטע. האָט געשאָטן מיט עראָטישע וויצן, וואָס מ'הערט זיי דאָס רוב אין וואַש־צימער.

ביינאַכט האָט זיך מילטש אָנגעטאָן אַ שוואַרצע וואָליקענע היטל, מיט צוגענייטע וואָלענע אויערן פון ביידע זייטן. ליגנדיק אין בעט, האָט ער אַרויסגעשטעקט די פיס פון די קאָלדרעס, וואָס האָבן זיך

ביי אים פונאַנדערגעוואָרפן אויף אַלע זייטן. דאָס קישן איז אים אויך באַלד אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד.

אין דער פרי איז מילטש ניט אַראָפּ זיך איינוואַשן צום אָנבייסן. ער האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט ערשט ווען די קראַנקנשוועסטער האָט דערלאַנגט דאָס געשטעל מיטן עסן.

ביים אָנבייסן האָט מאַריטוס באַמערקט: „כ׳זע, אַז אימעצער האָט ביינאַכט באַשאָטן דעם דיל אַרום מילטשעס בעט מיט אָפּגעברענטע שוועבעלעך און עקן פון סיגאַרעטן".

כליעפּאַק, וואָס האָט זיך ביינאַכט אויפגעכאַפּט יעדעס מאָל ווען מילטש האָט פאַררויכערט אַ סיגאַרעט, און וואָס האָט געהאַלטן אין איין בורטשען, האָט איצט אַרויסגעפּלאַצט מיט כעס:

„איר׳ט נאָך זען, מענטשן, אַז אָט דער געזעץ־ברעכער וועט נאָך אונדז דאָ אונטערצינדן און פאַרברענען אויך!"

נאָכן עסן האָט זיך מילטש אַריינגעזעצט בהרחבה׳דיק אין שטופּשטול און אָנגעהויבן פּלאַפּלען מיט מאַריטוסן. מאַריטוס האָט אים צום סוף אַ פרעג געטאָן: „זאָג מיר נאָר, מילטש! דאָרט, פון וואַנען דו קומסט, איז ביי זיי גאָרניט איינגעפירט אַז מ׳דאַרף זיך איינוואַשן אין דער פרי? און פאַרוואָס גאָלסטו זיך ניט אָפּ, מיר זאָלן קענען אָנקוקן דיין שיינעם פּרצוף?"

מילטש האָט אים געענטפערט:

„כ׳בין ניט געקומען אַהער זיך פוצן. איך דאַרף קיינעם ניט געפעלן. איך טו ווי עס געפעלט מיר. נאָר איך זע, אַז כ׳בין דאָ אַריינגעפאַלן צווישן אַ חברה גאָט־פאַרדאַמטע פרומע שטראָפערס, וואָס פאַראומערן דאָס לעבן מיט זייערע שיינע זיטן. כ׳וועל שוין בעסער אַרויסגיין זען, וואָס מאַכט דאָרט מיין צווייטער מילטש.

⁂

דער צווייטער מילטש, וואָס די חברים אין וואָרד רופן אים מיטן צונאָמען: „דער מיזיניק", איז אַ צוואַנציק־יאָריקער בלאָנדער בחורל.

עך איז אײדל. סטאַטעטשנע. שטענדיק זױבער־רײן אַרומגעװאַשן און אַרומגעראַזירט. דער זײדענער, גוט־געפּאַסטער שלאָפראָק, ברענגט נאָך קלאָרער אַרױס זײן שלאַנקע פיגור. אַן אינגלישער חן ליגט אױף אים.

זײן מוטער קומט אים באַזוכן כמעט יעדן טאָג און ברענגט אים פון דער הײם פאַרשײדנאַרטיקע שפּײזן, װאָס ראָבערט האָט זײער ליב. זי גיט זיך מיט אים אַ סך אָפּ, פּיעשטשעט און צערטלט אים. דאָס רופט אַרױס קנאה בײ געװיסע חברים, װאָס ליגן בשכינות מיט אים. זײ האָבן אָפּגעפּסקנ׳ט:

„ראָבערט װעט זיכער קאַליע װערן און װעט זײער מיאוס אָפּ־דאַנקען זײן מאַמען".

*****

די צװײ מילטשעס האָבן זיך שטאַרק באַפרײַנדט. דאָס רוב פון טאָג האָבן זײ פאַרבראַכט אין שמועס, אין שפּאַצירן גײן. דער עלטע־רער מילטש האָט געהאַלטן אין אײן רײדן, דערצײלן מעשיות אָן אַ סוף. דער יונגער מילטש האָט אים אױסגעהערט אױפמערקזאַם, און יעדעס מאָל צוגעטראָגן זײן פרײַנט אַ נײַ סיגאַרעטל. ער פלעגט מיט אים זיך אױך טײלן מיט די גוטע זאַכן, װאָס מ׳ברענגט אים פון דער הײם.

איבער זײער קלעפּן אײנער צום אַנדערן, האָבן חברה װיצלערס זײ אַ נאָמען געגעבן: „מילטש, מילטש און קאָמפּאַני".

ס׳האָט ניט לאַנג געדױערט און מילטש „דער מיזיניק" האָט גענומען נאָכמאַכן זײן חבר אין גאַנג און אין רײדן. האָט זיך עטלעכע טעג ניט געראַזירט און ניט צוגעקאַמט די האָר. אין דעם קלײדער־צימער פון שפּיטאָל האָט ער אָפּגעזוכט פאַר זיך אַן אַלטן, צעהאָ־דערטן שלאָפראָק. האָט געליען בײם עלטערן מילטשן זײן נאַכט־היטל, מיט די אױערן, און אָנגעטאָן אױף זיך. און אַזױ אַרומ־גײענדיק פאַרשמײעט מיט צעפלױגענע פּאָלעס, אַ צוכראַשצעטער,

איז ער אַריינגעקומען אין קליינעם לינקן פליגל־וואָרד און מיט גרויס הנאה אַ פרעג געטאָן די חברים:

„זאָגט מיר! זע איך איצט ניט אויס ווי אַן אמת׳ער „האָבאָ פון באַוערי?"

זיין פראַגע איז שטאַרק געפעלן געוואָרן די חברים, און האָט אַרויסגערופן ביי זיי אַ שמייכל אויף די ליפּן.

איבערהויפּט איז אַרויפגעפאַלן אויף דער מציאה מאַריטוס, און האָט באַלד אַ זאָג געטאָן:

„און איך האָב שטענדיק געדענקט, אַז אונדזער „מיזיניק" איז ניט קיין צו גרויסער חכם. איצט זע איך ווי טרעפלעך ער האָט אַ נאָמען געגעבן זיין חבר און שותף מיט דעם בעסט צוגעפּאַסטן נאָמען".



# 17. אַ געטרייער ברודער

נעכטן האָט דער ראַביי י—ב (דער טשאַפּליין פון שפּיטאָל) מיר צוגעשיקט דאָס העפט פון „מאזנים", וואָס איז ניט לאַנג צוריק אָנגעקומען פון ארץ־ישראל. היינט האָב איך פון אים באַקומען עטלעכע העברעאישע און אידישע ביכער.

איך בין זייער דאַנקבאַר דעם ראַביי י—ב פאַר זיין איבער־געבנקייט און פאַר זיין האַרציקער באַציאונג צו יעדן איינעם פון די אידישע חולים, דאָ אין שפּיטאָל.

ווען כ׳האָב געהערט באַלד נאָך מיין קומען אַהער, אַז דער ראַביי פון שפּיטאָל קומט אָפּט באַזוכן די פּאַציענטן, בין איך געווען נייגע־ריק צו זען, וואָס פאַר אַ טיפּ „ראַביי" וועט זיך אַנטפּלעקן פאַר מיר ביים ערשטן באַזוך.

וואָרום, אַ ראַביי אין אַמעריקע איז דאָך ניט דאָס, וואָס אַ רב אין ליטע, אָדער אין פּוילן. דאָרט האָט דער נאָמען „רב" מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ געוויסן טיפּ, אַן אייגנאַרטיקן; אַ באַזונדער גע־

שטאַלט, וואָס איז געווען גוט באַקאַנט יעדן איינעם. זיין גייסטיקע פיזיאָנאָמיע איז געווען קלאָר און באַשטימט.

אָבער דאָ, איז זייער שווער פאָרויס־צו־וויסן וואָס ס׳איז דער גייסטיקער מהות פון איינעם, וואָס טראָגט דעם נאָמען „ראַביי“, ביז דו באַקענסט זיך ניט נעענטער מיט אים.

און ווי צופרידן בין איך געווען ווען כ׳האָב אין ראַביי י — ב געפונען אַ גייסטרייכן, איבערגעבענעם אידן און געטרייען ברודער, וואָס פילט שטאַרק די נויט און פאַרשטייט טרעפלעך די באַדער־פענישן פון יעדן חולה — די מאַטעריעלע, ווי די גייסטיקע.

מיט יעדן באַזוך ווערט דאָס געפיל פון אמת׳ער פריינטשאַפט צווישן אונדז אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער.

אין אָט די פינצטערע טעג האָט די האַרציקע באַציאונג פון אַ פיין־פילנדיקן מענטשן, מיט אַן איידעלער נשמה, אַ גאַנץ באַזונדערן ווערט.

ברודערשאַפט און אמת׳ע פריינטשאַפט — ווי טייער זענען אָט די אייגנשאַפטן!

פאַרוואָר! ס׳איז דאָ אַ באַלוינונג פאַר אַ מענטשן מיט אַזעלכע גוטע מידות.

די הערצער פון די קראַנקע האָט דער ראַביי י — ב געוואונען.

זיי האָבן אים ליב און זיי אַכטן אים מיט זייער גאַנצער נשמה, מיט זייער גאַנצן וועזן.



ש ל מ ה ד מ ש ק

# 18. אין מינוטן פון אַנטפּלעקונג

ראַבלי, וואָס פּאַראייניקט אין זיך יוגנט־קראַפט, שיינקייט און חן פון אַריסטאָקראַטיזם, איבערראַשט אָפט זיינע חברים מיט זיין אויפפירן זיך.

ראַבלי איז דער איינציקער אין גרויסן קראַנקנצימער, פון וועמען מ׳הערט צייטנווייז אַן אָפּגעטאָקטע פראַזע אין אַ שייך־געשליפן סטיל, אין אַ „האַרוואַרד ענגליש".

פון זיינע ליפּן טראָגן זיך אָפט שאַרפע אַפאָריזמען, וואָס זאָגן עדות אויף גרויס פּקחות און טיפן פאַרשטיין דאָס לעבן.

דאָך טרעפט, אַז ער פלעפט אייך אַמאָל מיט אַ פּראָסטן זאָג, מיט אַ גאַסן־אויסדרוק, אַרויסגעשאָסן פון זיינע, מיט שוים־פאַרלאָ־פענע, ליפּן, וואָס מאַכט בלאַס און רויט דאָס פּנים פון צוהערער.

ראַבלי איז אַ מענטש מיט דרך־ארץ. פונדעסטוועגן איבער־ראַשט ער אָפטמאָל די קראַנקנשוועסטער, וואָס טראָגט אים צו דעם מיטאָג, מיט אַזאַ מין באַמערקונג:

„וואָס פאַר אַ סטעיק האָסטו עס מיר דערלאַנגט? דאָס לאָך אין מיין לונג איז דאָך צווייאָל גרעסער פון דער שטיקל פאַר׳עיפּוש׳־טער פאַדלע!"

ראַבלי האָט בטבע פיינט צו פאָלגן באַפעלן. ער איז אַן „אייבי־קער פאַרברעכער" קעגן די געזעצן פון דיסציפּלין, וואָס זענען איינ־געפירט אין שפּיטאָל. ער זאָגט אַליין וועגן זיך:

„ווען איך זאָל דאַרפן באַצאָלן פאַר מיינע זינד, וואָלט איך געמוזט צען יאָר נאָכאַנאַנד ליגן אין „דאָג־האַוז".

ראַבלי איז עקסטרעם אין זיינע וועגן:

ס׳טרעפט, אַז ער גייט אַוועק אין ביבליאָטעק און ברענגט פון דאָרטן אַ טוץ ביכער, גראָב־בייכיקע, פון אַלערליי מינים: ביכער וואָס האָבן צו טאָן מיט פילאָסאָפיע, מיט וויסנשאַפט; ביכער וואָס באַהאַנדלען סעקסועלע פראַגן, און דעטעקטיוו מעשיות. ער ליגט אין בעט און לייענט טאָג נאָך טאָג, אָן אויפהער.

און אַמאָל טרעפט, אַז ס׳גייען אַוועק וואָכן און ער קוקט ניט אַריין אין אַ בוך.

פּלוצים באַפאַלט ראַבלין אַ שוויגעניש. טעג נאָכאַנאַנד רעדט ער ניט אויס קיין וואָרט. ליגט אויסגעצויגן אויפן בעט. זיין בליק געוועגדט אויף איין פונקט און רויכערט אָן אַ סוף.

אַט דער צושטאַנד דערציילט וועגן שטורעם, וואָס ברויזט ביי אים אין האַרצן; וועגן טרויער, וואָס נאָגט אים. אָבער ער, ראַבלי, וועט קיינמאָל ניט אַרויסריידן זיין צער פאַר וועמען ס׳איז פון די חברים.

מאַריטוס זאָגט: „דאָס קאָכט אין זיינע אָדערן און ס׳זידט אין אים דאָס בלוט פון אַ פאַרריסענעם איירישמאַן״.

נאָך אַזעלכע טעג פון שוויגן קומט אָן אויף ראַבלין, ניט זעלטן, אַן אָנפאַל פון שפּילן אין קאָרטן. דאַן קלייבט ער צונויף צווישן די חולים אַלע חברים, וואָס זענען פאַרקאָכט אין קאָרטן־שפּיל. צווישן אַט דער חברותא זיצט ראַבלי שטונדן לאַנג. ער שפּילט, אַריינגעטאָן מיט אַלע חושים, ווי אַ באַנומענער, און האַלט אין איין רויכערן. ער שפּילט אין קאָרטן ביז ס׳גייען אים אויס די כוחות, ביז ער פאַלט ממש אַוועק אויפן בעט אַ פאַרמאַטערטער, אַ צעבראָכענער, אַן אויסגעשעפּטער.

***

דריי מאָל אַ וואָך קומט ראַבלי׳ס מוטער אים באַזוכן. איר גאַנצע באַנעמונג זאָגט: ווירדע.

ביים אַריינקומען, און פאַרן אַוועקגיין, גיט זי איר זון אַ קוש אויפן שטערן. אין דעם קוש מערקט זיך די גרויסע ליבשאַפט פון אַ מאַמען, וואָס איז גובר אירע געפילן פאַר די אויגן פון פרעמדע.

זי ברענגט איר זון יעדעס מאָל אַ קליין זעקעלע עסנוואַרג.

די מוטער זיצט און רעדט מיט איר זון שטיל. קוים וואָס מ׳הערט איר קול. אָפט קוקן זיי זיך איבער מיט אַזאַ לאַנגן־לאַנגן

קוק — אַ קוק, וואָס זעט וואָס אין האַרצן טוט זיך, ניט ריידנדיק אַ וואָרט.

איידער זי גייט אַוועק לייגט זי אַריין איידל־שטיל אין זיין טיש־קעסטל אַביסל קליינגעלט.

זונטיק קומט ראַבליי'ס פרוי אים באַזוכן. זי איז הויך־געוויקסיק ווי ער; אַ יונגע, איידעלע בלאָנדינקע. אירע צאַרטע, בלויע אויגן שמייכלען.

זי זיצט לעבן אים אַ קורצע ווײַלע. דאַן גייען זיי צוזאַמען אַרויס און פאַרברענגען ביז אָוונט־ברויט. גאַנץ אָפּט קומט ראַבלי ניט צוריק אין וואָרד ביז שפּעט אין דער נאַכט.

***

היינט איז מיר צופעליק געגעבן געוואָרן אַ געלעגנהייט צו אַנטדעקן דאָס ר'עטעניש פון ראַבליי'ס באַנעמונג.

זיין מוטער איז נאָכמיטאָג געקומען און אים געבראַכט אַ שיין־פאַרפּאַקט פּעקעלע, אַרומגעבונדן מיט אַ זיידן, פאַרביק שנירל.

זי האָט איר זון וואַרים באַגריסט צו זיין געבוירן־טאָג און אים געגעבן אַ לאַנגן קוש אין שטערן.

אין דעם פּעקל איז געווען אַ מתנה, וואָס ראַבליי'ס צוויי קליינע זין האָבן געשיקט זייער פאָטער צו זיין געבוירן־טאָג: אַ ווייסע, שאַטינען העמדל מיט אַ פּאָר זומער־הויזן.

אין פּעקל האָט ער אויך געפונען אַ בריוו, וואָס זיין פרוי האָט אים געשיקט.

באַלד ווי זיין מוטער האָט פאַרלאָזט דעם שפּיטאָל, האָט ראַבלי אַרויסגענומען דעם בריוו און אים לאַנג געלייענט.

נאָכדעם האָט ער אַרויסגענומען פון קאָנווערט אַ בילד פון זיינע צוויי קינדער.

לאַנג־לאַנג האָט זיך ראַבלי איינגעקוקט אין דעם בילד.

דאָסמאָל איז פאַר אים אוממעגלעך געווען צו באַהאַלטן די

צעברויזטע געפילן פון אַ פאָטער, און זיין בענקשאַפט, וואָס האָט זיך צעוואַרימט אין אים נאָך זיינע ליבע קינדער, למאי ער מוז זיין אָפּגעשיידט פון זיי אפילו אין זיין געבוירן־טאָג.

טרערן זענען אָנגעלאָפן אין ראַבלי׳ס אויגן, און זיך אַראָפּגע־קייקלט אויף זיינע באַקן.

מיין האַרץ האָט געוויטיקט, ווען כ׳האָב געזען מיין חבר ראַבלי׳ן איבערגעוועלטיקט פון זיינע געפילן.

אַ סך, אַ סך, האָבן מיר דערציילט אָט די מינוטן.

זיי האָבן פאַר מיר מגלה־געווען דאָס, וואָס ראַבלי באַמיט זיך כסדר צו באַהאַלטן.

כ׳האָב פלוצים דערזען דעם גרויסן צער, וואָס איז שטענדיק פאַרבאָרגן אין זיין האַרצן, אַ האַרץ פון אַ שטאָלצן, איבערגעגע־בענעם פאָטער. כ׳האָב געפילט דעם טיפן אומעט, וואָס ראַבלי פאַרשטעלט אים אָפּט מיטן פאַנצער פון עזות און מיט שאַרפע ווערטלעך.

כ׳האָב שטאַרק עגמת־נפש געהאַט, וואָס דער חולה האָט ניט אין שפּיטאָל זיין אייגנס פיר איילן, פאַר זיך אַליין אָפּגעצאַמטע.

ס׳האָט מיר ווי געטאָן, וואָס דער אומגליקלעכער פאָטער האָט ניט קיין אָפּגעזונדערט ווינקל, וואו ער זאָל קענען זיך מתבודד־זיין — זיין ביחידות מיט זיין אייגענעם ווייטיק, מיט זיינע הייליקע געפילן, אַז אַ פרעמד־אויג זאָל אים ניט זען, בשעת זיין האַרץ רעדט זיך דורך מיט אים, און ער מיט זיין האַרצן.



ש ל מ ה   ד מ ש ק

## 19. אויסגעגאַנגען דער געזאָלין

שוין אַ טאָג מיט אַ נאַכט אַז קלויד ראַנגלט זיך מיטן מלאך־המות. אַ פּאַראַליז איז זיין קערפּער באַפאַלן. דאָס האַרץ אַרבעט מיט די לעצטע כוחות. אָט ווערט עס שטיל און אָט ראַנגלט עס זיך ווידער.

אַ שרעקלעך פאַרצויגענע גסיסה.
די קרעכצן רייסן, פאַר'סמ'ען דעם מוח.
שווער איז די שיידונג פון גוף און נשמה.

**
*

איך האָב אָפט שוין געהערט דעם געפּאַך פון די פליגלען פון טויט אין די קראַנקנצימערן.

דעם ערשטן מאָל האָב איך געפילט דעם טויט, וואָס איז גע־שטאַנען אויף דער אַנדער זייט וואַנט, און אויסגעשפּרייט זיינע שוואַרצע פליגלען איבער איינעם פון די קראַנקע, אין דעם מ... שפּיטאָל.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיך געהערט די קרעכצן פון גוסס. האָבן דאָס האַרץ געלעכערט.

פאַרטאָג איז שטיל געוואָרן.

מיר האָבן געוואוסט: דער פאַרהאַנג איז געפאַלן.

פון יעמלט אָן בין איך שוין ניט איינמאָל אַן עדות געווען ביי גסיסות פון חברים...

וואויל איז צו דעם, וואָס האָט די זכייה צו האָבן אַ גרינגן טויט! אָבער זייער ווייניק זענען דערצו זוכה.

**
*

טראַגיש איז דער טויט פון אַ חולה אין שפּיטאָל, ווען ס'איז ניטאָ קיין קרוב און פריינד, וואָס זאָל לייכטער מאַכן די לעצטע

מינוטן פון לעבן, וואָס זאָל אַרויפליגן די האַנט אויף די אויגן, צו שליסן זיי אויף אייביק.

אַ מאוימ׳דיקע אײלעניש פאַלט אָן...

כ׳וועל ביזן לעצטן טאָג פון מיין לעבן ניט פאַרגעסן דעם טרו־קענעם זאָג, וואָס דער הויפּט־אויפזעער אין ל... שפּיטאָל, פלעגט מיט אים אַרויס־באַגלייטן יעדן אָרון פון אַ פאַרשטאָרבענעם:

„אויסגעגאַנגען דער געזאָלין״...



## 20. אָט דאַן וועסטו רעטונג געפינען

ווען אומעטיקע געדאַנקען מאַטערן דעם מוח; ווען דער יאוש קומט און נעמט וועבן זיינע פעדים; — קעמף קעגן זיי. פאַרטרייב זיי מיטן גאַנצן כוח.

געבענטשט זאָל זיין יעדע רגע פון לעבנס־געניוס.

טאָפּלט געבענטשט זאָל זיין יעדע גוטע שעה, וואָס דו קענסט זיך אָפּשפּאָרן.

און געדאַנקט זאָל זיין דער בורא פאַר יעדן פיינעם חוש און איידעלן געפיל, מיט וועלכע דו ביסט באַשאָנקען.

אָט האָסטו געלייענט אַ קאַפּיטל תנ״ך, אַ גוט בוך, אַ שיינעם עסיי — און האָסט הנאה געהאַט.

נאָר־וואָס האָסטו אַרויסגעהאָלפן דיין חבר און האָסט עפּעס מתקן געווען אין דיין וועלטל.

אָט איז געקומען אַ בן־בית, אַ גוטער פריינד דיך באַזוכן — און האָסט פאַרבראַכט מיט אים אַ שעה פון פאַרגעניגן.

און געוויס טאָרסטו ניט פאַרמינערן דעם ווערט פון אַ שעפע־רישער פאַנטאַזיע, פון אַ פרוכטבאַרער מחשבה.

מאַך „שהחיינו״ אויף יעדער גליקלעכער מינוט. נוץ אויס צום גוטן יעדע שעה פון קיום.

אָט דאַן וועסטו רעטונג געפינען.



שלמה דמשק

# 21. אין זכות פון נוסח

## ערב יום כיפור.

**דער** חלל פון קראַנקנצימער איז פול מיט היציקע וויכוחים און אַמפעריי. מ׳האָט זיך נאָך ניט אויפגעהערט צו קאָכן וועגן דעם אויסגאַנג פון קולאָקן־פּאַרמעסט, וואָס איז נעכטן אָוונט אויסגע־קעמפט געוואָרן צווישן דזשאָו לואיס און לואי נאָוואַ, און מען האָט שוין אָנגעהויבן דיסקוטירן, פּאָרויסזאָגן און וועטן זיך וועגן דעם בייסבאָל־טורנע, וואָס וועט זיך מאָרגן אָנהייבן צווישן די „טשעמפּיאָן" קלובן: די „יענקיס" און די „דאָדזשערס".

די אָפּאָנענטן, אָט די פאַרברענטע „פענס" (חסידים), פאַר־טיידיקן זייערע פאַרגעטערטע העלדן; לאָזן ניט אָנרירן זייער כבוד און פאַרשוועכן זייערע נעמען.

**
*

אין אָט דער אַטמאָספער, באַווירצט מיט דזשאַז־לידער, וואָס לאָזן זיך כסדר ליאַרעמדיק הערן פון די ראַדיאָס, ווען מיין אייגענע זעל איז געבויגן, געבראָכן, האָב איך זיך גענומען צום בענטשן, נאָך דער לעצטער סעודה.

מיין דמיון, וואָס קומט מיר צוהילף, שטעלט אויף אַ מחיצה צווישן מיר און דער שפּיטאָל־סביבה, וואָס איז אָנגעזאָפּט מיט וואָכעדיקייט ביז צום ווייטאָן.

אויף זיינע פליגלען טראָגט מיך דער דמיון אַוועק צום טאַטנס־היים, און איך פאַראייניק מיך מיט מיינע ליבע און נאָענטע.

ווען איך קום צו אין בענטשן צום „הרחמן הוא יברך את אבי מורי", קען איך ניט צוריקהאַלטן מיינע טרערן. די געפילן פון ליבשאַפט און בענקעניש ברויזן אויף אין מיר.

איך איל מיך אָפּווישן די טרערן, צו דערשטיקן מיינע גע־פילן; נאָר מיין נשמה ברומט, גאַרט.

אין בענקעניש, וואָס ברענגט געלייטערטקייט, האָב איך אָנגעהויבן זאָגן „תפילה זכה".

***

כמעט ניט פילנדיק וואָס ס'טוט זיך אַרום מיר, האָב איך אָפּגעזאָגט „כל־נדרי" און מעריב פון יום־כיפור. כאָטש דאָס איז געווען אַן אמת'ע תפילה בלחש, האָב איך די תפילות געזאָגט מיטן אַלטן ניגון, און מיטן נוסח, וואָס זענען אָנגענומען פון דור־דורות אידן.

און אָט דער נוסח איז מיר בייגעשטאַנען און האָט מיך מחזק־געווען אין מיין אָפּזונדערן זיך, אין מיין התבודדות, אין די מינוטן, ווען די קולות פון דער ראַדיאָ זענען באַזונדערס שטאַרק געוואָרן, ווי זיי וואָלטן געוואָלט מבלבל־זיין מיין תפילה.

כ'האָב געענדיקט שמונה־עשרה, האָב זיך אַ ווײַלע אָפּגערוט, און גענומען זאָגן „יעלה תחנוננו מערב", ערשט דער קול אין ראַדיאָ רייסט זיך אַריין עזות'דיק:

„אַיי פאַונד עי מיליאָן־דאָלאַר בייבי,
אין אַ פייוו ענד טען סענט סטאָר"...

נאָר די קראַפט פון דמיון איז געווען שטאַרקער, און דער כוח פון נוסח איז געווען מעכטיקער.

...און אָט שטיי איך ביים זייט פון טאַטן אין אונדזער אַלטן בית־המדרש, אין מיין היים־שטאָט.

דער אַלטער ר' קלמן, דער הויכער, שטייט פאַרן עמוד. זיין קאָפּ, מיטן איבערגעדעקטן טלית, רירט כמעט אָן, ווען ער שאָקלט זיך, דעם „שויתי ה' לנגדי תמיד", וואָס שיינט אויפן שפּיץ פון עמוד.

ר' קלמן שטרענגט אָן זיין שוואַכן קול און זאָגט אַזוי זיס מיטן דורות'דיקן נוסח: „יעלה קולנו מערב ויבא צדקתנו מבקר".

איך באַגלייט אים און זאָג נאָך פּזמון נאָך פּזמון.

דאָס שוואַכע קול פון אַלטן ר' קלמן האָט איבערגעשטיגן און

איינגעשטילט די שטאַרקע קולות פון די „בליוס” און „דזשאַז” זינגער אויפן ראַדיאָ.

באַקרעפטיקט און באַפעסטיקט דורכן כוח פון טראַדיציע, און מיטן זכות פון דור־דורות׳דיקן נוסח, האָב איך זיך איבערגעשטאַרקט איבער דער סביבה אין קראַנקנצימער, וואָס האָט מיר אויסגעזען אַזוי ווילד־פרעמד אין אָט דער נאַכט.

כ׳האָב זיך מתייחד געווען מיט זיך אַליין און געענדיקט בשלום דעם „שיר היחוד”.



## 22. זייט געבענטשט, ליבע פייגעלעך!

**היינט**, גאַנץ פרי, האָט מען מיך אַריבערגעפירט צו דער כירורגישער אָפּטיילונג. מ'האָט מיך אַריינגעלייגט אין איינעם פון די קליינע צימערלעך, וואָס זענען באַשטימט פאַר די קראַנקע, וואָס דאַרפן אינגיכן אָפּערירט ווערן.

דער טאָג איז אַ פאַרוואָלקנטער, אַן אמת'ער אָסיען־טאָג.

אַ טשאַטע פייגעלעך איז פון ערגעץ־וואו אָנגעפלויגן און זיך אָפּגעשטעלט אויפן נאַקעטן קוסט אַנטקעגן מיין פענצטער. אַ פייגעלע אויף אַ ריטעלע. אַלע צוזאַמען זענען זיי זיך פאַרגאַנגען אין געזאַנג.

זייט איר, ליבע פייגעלעך, געקומען „גוט מאָרגן" זאָגן, באַגריסן אַ בעל יסורים, אין פיין־געשמידטן, וואָס איז נאָר־וואָס צו זיין נייעם שטייג געקומען?

אָדער ברענגט איר אים אַ בשורה פון באַפרייאונג?

אַזוי צי אַזוי, זייט געבענטשט, מיינע ליבע פייגעלעך!



## 23. די זיפצן־אַלייע

**צווישן** די צוויי גרויסע מערב'דיקע צימערן און דעם צימער אין מזרח, וואו עס ליגן די חולים, וואָס בעסערן זיך שוין נאָך די אָפּעראַציעס, געפינען זיך די קליינע באַזונדערע צימערלעך.

דער לאַנגער קאָרידאָר, וואָס ציט זיך צווישן די גרויסע קראַנקן־צימערן און די קליינע באַזונדערע צימערלעך, איז די „זיפצן־אַלייע".

פון אָט די צימערלעך הערן זיך זיפצן, טראָגן זיך קרעכצן, פון פיין און ווייטיק אַרויסגעבראָכענע.

אַמאָל אַ קרעכץ — אַ געשריי; און אָפּט אַ שטילער זיפץ.

די דאָזיקע קרעכצן, וואָס דערגייען צום אויער פון אַ ניי־געקומענעם קראַנקן, וואָס דאַרף אינגיכן אָפּערירט ווערן, דערציילן אים וועגן יסורים און לייד וואָס דערוואַרטן אים, און דאָס האַרץ זיינס פּלאַטערט.

ווען ער זעט, אָבער, אין די קראַנקנצימערן די אַלע חברים, וואָס האָבן שוין דורכגעמאַכט די אָפּעראַציע־ווייען, און זיי בעסערן זיך, און ער הערט וועגן קראַנקע, וואָס האָבן דורך די אָפּעראַציעס זייער תיקון געפונען, — ווערט דאָס האַרץ פון ניי־געקומענעם פול מיט גלויבן און געשטאַרקט פון האָפענונג.



# 24. אַ נייע אָפּטיילונג

אַ נייע אָפּטיילונג — נייע באַגריפן, נייע אויסדרוקן; אַנדערע געפילן און אַנדערע דמיונות.

אומעטום הערט מען דאָ נאָר ריידן וועגן „אַרויפגיין״.

איינער דעם אַנדערן פרעגט: „ווען גייסטו שוין אַרויף?״

אַ חבר דערציילט אַ צווייטן: „זשאַן איז נעכטן אַרויף, און איך גיין אַרויף פּרייטיק״.

די קראַנקנשוועסטער קומט רופן אַ חולה: קום מיט מיר! דער דאָקטאָר וויל דיך זען. מאָרגן גייסטו אַרויף, דאַרף ער דיך זען אונטערן „פלאָראָסקאָפּ״.

אָט דאָס „אַרויפגיין״ מיינט דאָ: גיין צו דער עקידה; אַרויפ־גיין אויפן אָפּעראַציע־טיש.



צוקאָפּנס פון די קראַנקע, וואָס דערהאָלן זיך, שטייען צוגע־פעסטיקט צוויי לייסטן. אָט די לייסטן זעען אויס ווי תליות.

ס׳פא̇רשטא̇רקט דעם איינדרוק דא̇ס הא̇ריזא̇נטא̇לע ברעטל, וואָס ביי זיין ענד הענגט אַן עק פון אַ שטריק פא̇רבונדן ווי אַ פעטליע. אין אָט דער „פעטליע" שטעקט אַריין דער חולה, וואָס בעסערט זיך, זיין האַנט, כדי צו איבן זיין אָרעם און אַקסל, דורך אַראָפּשלעפּן און אַרויפציען די וואָג, וואָס הענגט ביים צווייטן ענד שטריק, היג־טער דעם ווערטיקאַלן לייסט.

ביז דו געפינסט אויס, צו וואָס עס שטייען דאָ אָט די „תליות", טראַכסטו זיך, אַז זיי זענען אָוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר שטומע עדות, ווי סימבאָלן פון די לאַנגע חדשים און יאָרן פון חולה, וואָס ווערן דאָ אין פיין געקרייציקט... אָדער אפשר צו באַווייזן, אַז אויך דער קראַנקער, וואָס בעסערט זיך שוין, הענגט נאָך אַלץ צווישן האָפענונג און שרעק.



דאָס אָקסידזשען־ביידל דערמאָנט אָן די צוגעדעקטע קאַרעטן, די „נאַפּאָליעאָנקעס".

די צעלאָפיין פענצטערלעך זעען אויס ווי די פענצטער פון יענע קאַרעטן.

עס פאַרשטאַרקט נאָך מער דעם דמיון דאָס געקלאַנג פון חולה׳ס גלעקל, וואָס רופט די קראַנקנשוועסטער.

דאָס געקלאַנג דערמאָנט אָן דעם גלין־גלין פון די גלעקלעך אויף די העלדזער פון די פערד, וואָס פירן די קאַרעטן.

און טאַקע: ניט איינמאָל דוכט זיך דעם קראַנקן, וואָס ליגט אין אָקסידזשען־ביידל, אַז ער פאָרט, פליט, יאָגט...
וואוהין?

## 25. דער עינוי הדין

נאָך פיר טעג דאַרף איך וואַרטן אויף מיין ערשטער אָפּעראַציע.
ניט אומזיסט זאָגט מען: „דער עינוי הדין איז ערגער פון׳ם יום הדין”. וואָס נעענטער עס קומט דער טאָג פון דער אָפּעראַציע, אַלץ לענגער ציען זיך אויס די טעג און די נעכט.

זיבן חדשים האָב איך זיך ניט צוגערירט צו אַ שלאָף־געטראַנק. כ׳האָב דאָ אויך זיך אָפּגעזאָגט די ערשטע צייט איינ־נעמען שלאָף־פּילן. ס׳זענען, אָבער, אַריבער עטלעכע שלאָפלאָזע נעכט און איך האָב איינגעזען, אַז ס׳איז ניטאָ קיין ברירה.

טייער איז דער שלאָף. ער מאַכט פאַרגעסן די ביטערע ווירק־לעכקייט, און פאַרקירצט די גלות־לאַנגע שעה׳ן, וואָס ציען זיך אויס אין דערוואַרטונג.



## 26. ווי אַ קינד אָן אַ מאַמען

מ׳האָט מיך אַריינגעלייגט אין מיין באַזונדער צימערל תיכף ווי מ׳האָט מיך געבראַכט אין דער כירורגישער אָפּטיילונג. איך האָב ניט באַוויזן צו באַקענען זיך מיט אַלע חברים דאָ, פּנים אל פּנים. בלויז עטלעכע פון זיי קען איך גוט, סיי לויט זייער אויסזען און סיי נאָכן קלאַנג פון זייער קול. ווען איך הער אַ קול, ווייס איך ווער פון זיי ס׳רעדט.

בכלל איז מיין אויער זייער עמפּינדלעך אין אונטערשיידן און דערקענען שטימעס.

איך ליג מיר אין מיין באַזונדער צימערל. כ׳בין אָפּגעשוואַכט פון דער אָפּעראַציע. לייענען קען איך נאָך ניט. טראַכט איך, אָדער פון מיין קליין פאַרפלאָנטערט וועלטל, אָדער פון דער גרויסער צעשטורעמטער, מטורף׳דיקער וועלט.

אַמאָל כאַפּט אויף מיין אויער די שמועסן און לייכטע מחלוקת׳ן פון מיינע חברים, וואָס דערטראָגן זיך צו מיר פון די קראַנקנ־צימערן. איך הער שטימעס, וואָס טיילן זיך אויס פון די איבעריקע קולות מיט זייער באַזונדער פאַרב און קלאַנג. איך ווייס אָבער ניט וואָסער שטימע, איז וועמענס. און איך וואָלט אַזוי געוואָלט זען דעם בעל־הקול! כ׳וויל זיך איבערצייגן צי האָב איך ריכטיק גע־טראָפן; צי פּאַסט זיך דאָס פנים, וואָס איך שטעל מיר פאָר אין מיין דמיון, צום קול וואָס איך הער.

איבערהויפּט פאַרכאַפּט מיין האַרץ איין קול, וואָס איז אַזאַ קלינגענדיקער, אַזאַ פריש־צאַרטער. דער בעל־הקול וויצלט זיך אָפּט. זאָגט שאַרפע ווערטלעך און צעגיסט זיך אין אַ לייכטן, האַרציקן געלעכטער, אַ קינדער־געלעכטער.

זייער אָפט זינגט ער פאָלקס־לידער. בלויז אַ שורה, אָדער צוויי, זינגט ער, און ניט מער. ער האַלט כסדר אין אויסזינגען אַ שורה פון אַ געוויסן ליד, אַ „ספּיריטשועל״:

„סאָמטיימס אַיי פיל לייק אַ מאָטהערלעס טשיילד״...

און די מעלאָדיע, אַזאַ אומעטיקע און מיטרייסנדיקע, פּאַסט זיך אַזוי גוט צו די ווערטער.

מיר דוכט זיך, אַז אָט די שורה איז ווי אָנגעמאָסטן פאַר אָט דער אָפּטיילונג. אַ סך זענען דאָך דאָ אַזעלכע קראַנקע, וואָס פילן זיך אין די עלנטע שעה׳ן, ווי אַ קינד אָן אַ מאַמען: שוואַך, צע־רודערט, פאַרלאָזן. זיי זוכן אַ מאַמעס האַנט, וואָס זאָל זייערע וואונדן פאַרגלעטן.



ש ל מ ה   ד מ ש ק

## 27. חברים־אין־גורל

**איך** האָב געזען אַ מאַמען, וואָס איז געשטאַנען לאַנגע שעה׳ן ביי דער טיר פון צימערל, וואו ס׳איז געלעגן איר זון, וואָס מ׳האָט געבראַכט פון אַן אָפּעראַציע. זי האָט באַוואַכט זיין יעדן האַרץ־קלאַפּ. האָט אויסגעקוקט די אויגן אויף דער מינוט, ווען איר קינד וועט זיך אויפוועקן פונ׳ם „איטער״, ער זאָל דאָס ערשטע דערזען דעם האַרציקן בליק פון דער ליבער מאַמען, און ס׳וועט אים לייכטער ווערן, און ס׳וועט אים גרינגער ווערן.

***

איך האָב געזען חברים קראַנקע, וואָס האָבן קיין פאַמיליע, קיין קרובים, און קיין פריינט. קיינער פון דרויסן קומט זיי ניט באַזוכן. ניטאָ ווער ס׳זאָל זיך נאָכפרעגן אויף זייער געזונט־צושטאַנד. די קראַנקנשוועסטער — אָט די באַרמהאַרציקע שוועס־טער — איז די איינציקע, וואָס פאַרזיסט די לאַנגע שעה׳ן פון זייער פיין און לייד.

***

אין אָט דער אָפּטיילונג פילט זיך די פריינטשאַפט און ברו־דערשאַפט פון די חברים נאָך מער ווי אין די אַנדערע אָפּטיילן. אַלע זענען חברים פון זעלבן גורל. דעריבער פילט איינער אַזוי שטאַרק דעם אַנדערנסליידן.

מ׳קומט אָפּט אַריין אין צימערל, וואו ס׳ליגט אַן איינזאַמער דער אָפּערירטער חבר. מ׳פאַרברענגט אַ ווילע. מ׳פרעגט זיך נאָך ווי ער פילט זיך. מ׳זוכט אים באַהילפיק זיין.

אָט די באַזוכן און דאָס נאָכפרעגן זיך, זענען אַן אַמת׳ער גמילות חסד.



## 28. און דיין לעבן זאָל אָפּהענגען...

מיסטער באַרני, איינער פון די חולאים, וואָס איז געווען מיין בעט־שכן אין דעם אַלגעמיינעם וואָרד, איז היינט אַריינגעקומען אין דעם כירורגישן אָפּטייל, צו באַזוכן זיינעם אַ באַקאַנטן פריינד.

באַרני איז אַ איד אַ בן חמישים, אַ שניידערביים פאַך. ער איז באַשאָנקען מיט אַ חוש פאַר הומאָר. ער האָט ניט אויפגעהערט זיך צו וויצלען אפילו אין די שווערסטע טעג פון זיין קראַנק זיין. באַרני אזי זייער אַ באַריידעוודיקער. האָט ליב צו רויכערן דינע סיגאַרלעך און צו מאַכן אַ קערטל.

כ׳האָב דאָ געהערט, אַז מ׳האָט באַרנין אַריבערגעפירט אין איינעם פון די „שעקס״, וואו ס׳האַלטן זיך אויף די כמעט־אויסגע־היילטע, וואָס דאַרפן שוין אינגיכן גיין אַהיים.

ס׳האָט מיך זייער געפרייט צו זען אים. כ׳בין צוגעגאַנגען צו אים און געפרעגט:

— וואָס מאַכט איר עפּעס, מיסטער באַרני?

— אָנשטאָט צו פרעגן וואָס איך מאַך, פרעג בעסער וואָס מאַכט מיין קליין חזיר׳ל.

— וואָס הייסט?

— איך פּאַשע קליינע חזירים׳לעך אויף דער עלטער.

— מיסטער באַרני! עפּעס רעדט איר היינט פאַרשטעלטע ווערטער. רעטענישן. רעדט קלאָרע דיבורים. לאָמיר פאַרשטיין וואָס איר מיינט.

— אָט וועל איך דיר דערציילן אַלץ אויף געַנוי, פּראָסט און פשוט; אויסלייגן ווי אויפן טעלער: אַ לאַנגע צייט האָבן די דאָק־טוירים ניט געקענט זיך קיין עצה געבן, ניט געקענט באַשליסן וואָס טוט מען מיט אַזאַ שלים־מזל ווי איך. דאַכט זיך, כ׳בין שוין גאָר אינגאַנצן געזונט. נאָר, זאָגן זיי, עפּעס טליעט נאָך דאָרטן. די דאָקטוירים האָבן אַזוי לאַנג גע׳בדק׳עוועט מיינע לונגען, ביז זיי האָבן באַשלאָסן אויספּרואוון מיין ליחה אויף אַ קליין ים־חזיר׳ל.

האָבן זיי גענומען און אַריינגעשפּריצט מיין ליחה אין אַ „גיני־פּיג", וואָס איז זייער עמפּינדלעך צו אונדזער ליבהאַרציקער קרענק: ט. ב. אויב דאָס חזיר׳ל זאָל, חלילה, ווערן אָנגעשטעקט און, די שעה זאָל ניט זיין, אויסציען די קליינע קאָפּיטקעס, דעמאָלט וועט זיין אָך־און־ווי צו אים און צו זיין טאַטן. אויב, אָבער, ער וועט ניט אָנגעשטעקט ווערן און בלייבן לעבן, וועל איך במהרה בימינו גיין אַהיים און זיין אַ פרייער מענטש מיט לייטן גלייך.

— און ווי שפּילט אייך איצט צו דער מזל אין קאָרטן, מיסטער באַרני?

— ווער קען זיך איצט, ברודער, אָפּגעבן מיט אַזעלכע נאַריש־קייטן. איך בין איצט אַ פּאַרנומענער מענטש. איך האַלט אין איין גיין מבקר־חולה־זיין מיין חזיר׳ל, מיין חברה־מאַן, וואָס טראָגט איצט אויף זיך מיין נאָמען, און אין זיך מיין וויטיק. איך גיי־צו צו דעם שטיבל וואו די חזירים׳לעך געפינען זיך, כאַפּ אַ בליק דורך די שייבלעך, קוק אַריין דורך די שפּאַרעס, צו זען, וואָס מאַכט ער דאָרט, מיין תכשיט.

— וואָס זשע מאַכט טאַקע אייער תכשיט?

— דערווייל ניט צו פאַרזינדיקן! קיין עין־הרע אַ חזיר׳עץ ווי אין פּסוק שטייט: עסט, טרינקט, לויפט אַרום, כרוקעט און האָט הנאה פון גאָטס וועלטל. און אָנקוקנדיק מיין חזיר׳ל קומט מיר צו אַ שטיק געזונט. כ׳ווער לעבעדיק און פריילעך.

כ׳האָב זיך צעזעגנט מיט מיסטער באַרני און אים געוואונטשן, ער זאָל נחת האָבן פון זיין תכשיט. און ביי מיר אין האַרצן האָב איך געטראַכט: אַ נייע קללה איז צוגעקומען פאַר דער תוכחה:

„און דיין לעבן זאָל אָפּהענגען פון דעם לעבן פון אַ חזיר׳ל".



# 29. אָפּעראַציע — און העברעאיש

**צוויי** וואָכן נאָך דער דריטער אָפּעראַציע.

לויטן ראַט פון׳ם כירורג־ספּעציאַליסט, וואָס שטייט ביי דער זייט פון הויפּט־כירורג און גיט אים אָנווייזונגען, איז די דריטע אָפּעראַציע דורכגעפירט געוואָרן מיט לאָקאַלער אַנעסטעזיע.

אָ, ווי לאַנג עס האָבן זיך געצויגן די צוויי שטונדן, וואָס איך בין געלעגן אויפן אָפּעראַציע־טיש!

מיין האַלדז איז געווען אויסגעטריקנט. פאַרשמאַכט. שטיל־זיפצנדיק אין זיך, האָב איך צו גאָט תפילה געטאָן.

נישט אַזוי דער ווייטיק, ווי די גייסטיקעליידן.

יעדעס וואָרט, יעדער זאַג, וואָס איז אַרויס פון מויל פון ספּעציאַליסט, וואָס דערקלערט אַלץ צו די דאָקטוירים אַרום, האָט פאַרגרעסערט מיין פיין און מיינע ליידן.

„אָט שניידן מיר איצט דעם און דעם גליד".

„איצט האַלטן מיר ביי אָט דעם מוסקול".

„מיר זענען שוין באַלד פאַרטיק מיטן פערטן ריפּ".

איך זיפץ שטילערהייט.

און אָט דערהער איך דאָס קול פון כירורג, דעם איידל־גייסטיקן און גוט־האַרציקן דאָקטאָר ז... ער פרעגט מיך:

„אדון ד... האם אני מכאיב לך?"

(מר ד. פאַרשאַף איך אייך שמערצן?)

אָט די ווערטער, וואָס דער דאָקטאָר האָט אַרויסגעזאָגט אויף העברעאיש, אין אָט דער סביבה, און ביי אַזאַ מין צושטאַנד, און די גוטע כוונה וואָס האָט זיך אַרויסגעפילט פון זיי, האָבן אויף מיר געווירקט צום גוטן. זיי האָבן פאַרגרינגערט מיינע יסורים אַ סך מער ווי די פאַרטויבנדיקע איינשפּריצונגען.

ס׳האָט מיר באַנג געטאָן, וואָס כ׳האָב נים געקענט אין יענעם מאָמענט אַרויסברענגען אַ וואָרט פון מויל, צו באַדאַנקען דעם ליבן דאָקטאָר, ווייל די צונג איז מיר געווען פאַרטריקנט פון דאָרשט.

ווען דער דאָקטאָר איז אַ טאָג שפּעטער אַריינגעקומען אין מיין צימער, זיך נאָכצופרעגן ווי איך פיל זיך, האָב איך אים פון טיפן האַרצן געדאַנקט פאַר זיינע עטלעכע העברעאישע ווערטער, און האָב אים דערציילט וועגן זייער פּסיכאָלאָגישער, גוטער ווירקונג.

אַ שאָד, וואָס אָט דער ליבער דאָקטאָר פאַרלאָזט אונדז אינגיכן!

זאָל אים אַנטקעגן קומען ס׳גוטס, וואָס ער האָט געטאָן מיט מיר און מיט נאָך אַזוינע ווי איך!



## 30. מאַכטלאָז

עס טרעפט: אין דער שטילקייט פון דער נאַכט פאַרנעמסטו פּלוצים אַ וויי־געשריי פון אַ קראַנקן חבר, אַ הילף־רוף פון אַ ברודער.

(אַז די יסורים שטייגן, ברעכן זיך אַרויס פון האַרצן געשרייען נאָך הילף).

און דו ליגסט אויף דיין געלעגער.

יעטוועדער קרעכץ — אַ ריס אין מוח.

יעדער וויי־געשריי — אַ נאָדל אין לייב.

און גרויס איז דאָס געפיל פון רחמים, און שטאַרק איז דיין באַגער גיך אויפצושטיין, שנעל צוטראָגן הילף. ברענגען דער־לייכטערונג צום ליידנדיקן חבר.

דו ביסט אָבער מאַכטלאָז. דיינע הענט זענען ווי געשמידט.

דער וויטיק ברענט. צופּט. אַ ברודער־אין־פּיין ביסטו, און העלפן קענסטו ניט.

און עס קומט אויף אין דיין זכרון די פּאָעמע „משיח" פון דוד פרישמאַן:

„...און פאַרוואָס האָסטו איינגעפלאַנצט אין מיר

דעם ווילן אָפּצואווישן יעדע טרער,
צו היילן די געבראָכענע הערצער,
צו פֿאַרבינדן די וואונדן,
נאָר מיינע הענט האָסטו אין קייטן געשמידט?!״

פֿאַרוואָר! אין יעדן איינעם פֿון אונדז איז דאָ אַ ניצוץ פֿון דער פֿלאַמיקער נשמה פֿון משיח, וואָס איז באַשטימט אויסצולייזן, און וואָס וויל אויסלייזן; און יעדער איינער פֿון אונדז פֿילט אַ שמץ פֿון די יסורים פֿון משיח, „וואָס זיצט געשמידט ביי די טויערן פֿון רוים״.



## 31. טעג, נאָך וועלכע מ׳גאַרט ניט

און ווידער זענען אַריבער וואָכן, נאָך וועלכע מ׳גאַרט ניט.

דער גוף איז אָפּגעשוואַכט. ניטאָ קיין כוח צו שרייבן אָדער אפילו צו לייענען אַ פּאָר שורות אַ טאָג. דער אומעט און יאוש עסן דאָס האַרץ אָן אויפהער.

דו זוכסט אַ באַהעלטעניש אין גייסט, צו אַנטרינען פֿון דיין אייגן־איך און לייב. ווילסט געפֿינען אַן אָנהאַלט אָן וואָסער ס׳איז געדאַנק פֿון לערנען, פֿון ליטעראַטור — און קענסט ניט. אָט דוכט זיך דיר, אַז דו האַלטסט־זיך־שוין־אָן אין אַ געדאַנק ווי אָן אַ רעטונג־אַנקער. עטלעכע רגע׳ס שפּעטער — ערשט דו טראַכסט שוין ווידער וועגן זיך גופֿא, וועגן דיין פֿאַרשאָלטענער קראַנקייט.

אויך די תּפֿילות, וואָס ברענגען שטענדיק דערלייכטערונג, זענען ווי צעמישט, פֿאַרפּלאָנטערט אין מוח. די פּסוקים, ווי פּאָר־געסענע, קומען ניט אויפֿן צונג. און דו נידערסט אין תּוהו־ובֿוהו פֿון אומעטיקע מחשבֿות, דערוויטערט פֿון באַשעפֿער, צו וועמען דו ווענדסט זיך צו יעדער צייט, צו יעדער שעה.

דו טראַכסט אַרויפֿצוברענגען אויפֿן זינען אָנגענעמע, ליכטיקע

זכרונות פון דער פאַרגאַנגענהייט, קאָנצענטרירן דיין געדאַנק אויף זיי. און אָט דוכט זיך דיר, אַז דיין געדאַנק איז סוף־סוף אַרויס־געפירט געוואָרן פון די פינצטערע קעמערלעך און זענען באַהעלט מיט ליכט.

נאָר פלוצים — אַ פאַרבאָרגענע האַנט האָט שוין ווידער אַראָפּ־געפירט דיין געדאַנק פון גלייכן וועג, און דו ביסט ווידער פאַר־זונקען אין אומעטיקע טראַכטענישן, אָן אַן אויסגאַנג, אָן אַן אַנטרינונג.



## 32. דער קוסט

**דער** קוסט אַנטקעגן מיין פענצטער! וויפיל פאַרענדערונגען ער האָט עס דורכגעמאַכט אין די אַכט חדשים, וואָס איך האָב מיינע אויגן מיט אים געזעטיקט!

כ׳האָב אים געזען אַ נאַקעטן אין די רעגן־טעג, ווען דער אָסיען האָט אים אויסגעטאָן פון זיין זומער־פּראַכט. וויסט, פינצטער האָט ער אויסגעקוקט: דאַרע־קוואַרע ריטלעך האָבן זיך מיטן ווינט געטרייסלט. די פייגעלעך האָבן אָבער דעם קוסט ניט פאַר־לאָזן. אין־רעגן־אויסגעווייקטע פלעגן זיי אַרומשפּרינגען פון צווייגל צו צווייגל, צוויטשערנדיק און זינגענדיק.

ווי ליב ס׳איז געווען צו זען זיי זיצן אויף די שפּיצן ריטלעך, און וויגן זיך!

כ׳האָב געזען דעם קוסט ווינטער־צייט, אינגאַנצן שיינענדיק, באַצירט מיט זילבער־אייז און בלוי־ווייסן שניי.

און דאַן, אויך דאַן, זענען די פייגעלעך געקומען צופליען אין פרימאָרגן־שעה׳ן, און נאָכמיטאָג, צו באַזוכן זייער ליבלינג — דעם קוסט.

ווי שוואַרצע חן־פינטעלעך, וואָס שיינען אַרויס פון אַ ים ווייסקייט, האָבן יעמלט אויסגעזען די פייגעלעך זיצנדיק אויף די צווייגן פון קוסט. געזאַנג און געקלאַנג האָבן זיך פון זייערע העלדזלעך געטראָגן.

כ'האָב געזען דעם קוסט מיטן אָנקומען פון פרילינג. טאָג נאָך טאָג האָט ער געביטן זיינע קאָלירן און שאַטירונגען. די ערשטע קנאָספּן האָבן זיך אויף אים פלוצים באַוויזן. דורך דער נאַכט איז ער אינגאַנצן גרין געוואָרן. און אַזוי גאַנץ פלוצים האָט ער זיינע בלעטעלעך באַקומען. גלייך, אַ מלאך וואָלט אים איבער נאַכט שיינע קליידער אָנגעטאָן, לכבוד יום־טוב „פרילינג" אויסגעפּוצט און אויסגעצירט.

און די פייגעלעך?

מיט מער שטיפערישקייט, מיט מער לוסטיקייט האָבן זיי געטרילערט אויף זיינע אויסגעפּוצטע צווייגן, און האָבן די לופט, אַרום זייער קוסט, מיט פרייד־געזאַנג אָנגעפילט.

נאָר אָט זענען אָנגעקומען די הייסע טעג. דער קוסט איז געדיכט געוואָרן. זיינע קליינע בלעטעלעך אויסגעוואַקסן. דער דיק־ריטלדיקער, קליין־געוויקסיקער קוסט, איז אין אַ ברייט־צווייגיק, גרויס־געוויקסיקביימל פאַרוואַנדלט געוואָרן. אָבער, — ווער ווייסט פאַרוואָס — קיין פייגעלעך זעט מען מער ניט אויף זיינע צווייגן, און דער אָפּהילך פון זייער געזאַנג הערט זיך נאָר פון ווייטנס, פון ווייטנס.



שלמה דמשק

# 33. אַ בשורה פון זון־שיין

**אַ בשורה** פון זון־שיין האָט זיך היינט פרי דורכגעטראָגן איבערן פלוין פון שפּיטאָל. קולות פון פרייד, קלינגנדיק ווי זיל־בערנע גלעקעלעך, האָבן זיך געלאָזט הערן.

ווי פאַר׳כשופ׳טע האָבן זיך די קראַנקע אַ לאָז געטאָן צו די פענצטער. קעפּ האָבן זיך אַרויסגעשטעקט. אַ ליכטיקער שמייכל האָט אויפגעשיינט אויף אַלעמענס פּנים׳ער.

פון דעם ווייסן בנין, פון דער קינדערהיים, האָט זיך קליינוואַרג אַרויסגעשאָטן מקבל־פּנים־זיין דעם ליבן זומער. די זון האָט זיי אַנטקעגן געטראָגן אירע קושן און גלעטן.

די פריילעכע חברה האָט געאײַלט צו די הוידלקעס, וואָס זענען געהאַנגען טרויעריק־פאַרלאָזענע אין די לאַנגע רעגן־טעג. פרייד פון קינדער־שטיפעריי האָט זיך צעפלייצט איבערן הויף פון קינדערהיים און אָנגעפילט די לופט מיט לעבנס־חדווה.

איר אָפּקלאַנג האָט זיך געלאָזט הערן ווייט אַרום: האָט אויפ־געמונטערט באַטריבטע געמיטער, און דערפרייט ווייטיקדיקע הערצער.

איז דען פאַראַן אַ האַרץ, וואָס ווערט ניט באַרוישט און ווערט ניט דערפרייט פון דעם ליכטיקן קינדער־געלעכטער?!



# 34. די נשמות־כא̈פּערין

מיט איר רענצל קומט זי א̈ריין. שטעלט א̈ן אויף דיר אַ פּנים אַזאַ ליכטיקן, אַזאַ ליבן. אַ שטיק זיסקייט.

און אין רענצל איז דאָ פון כל־טוב: ציין־בערשטלעך, פּוידער־לעך, וואַקסן, זעקעלעך מיט צוקערלעך. און מער פון אַלץ: פּעק־לעך־בינטלעך מיסיאָנערישע בלעטלעך און העפטלעך.

ס׳ערשטע מאָל האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ ציטער. כ׳האָב געפילט אָן איבל ווען זי האָט מיר דערלאַנגט די צוקערלעך. אין מיין זכרון איז אויפגעקומען יהודה שטיינבערגס דערציילונג „אין יענע טעג״, וועגן דעם כאַפּער, וואָס פלעגט די קינדער צוציען מיט צוקערלעך.

ניט איינמאָל האָט זי מיך געטראָפן דאַווענדיק, לייענענדיק דעם תנ״ך. ניט איינמאָל און ניט צווימאָל האָב איך פאַר איר קלאָר געמאַכט, אַז איך בין אַ איד, בן איד, אַז מיין אמונה איז מיר הייליק און טייער.

זי טוט זיך אירס:

זי קומט אַריין. אַ שטיק ליבקייט און זיסקייט. פרעגט: „וואָס מאַכסטו?״ שטרעקט אויס די צוקערלעך און לייגט אַוועק דאָס בלעטל: „דאָס לעבן פון נוצרי״.

אפשר . . .



# 35. פינגער שפּראַך

נאָך אין די ערשטע טעג, באַלד ווי מ׳האָט מיך געבראַכט אין דעם כירורגישן אָפּטייל, האָב איך באַמערקט דורכן פענצטער פון מיין צימערל, ווי די חולאים אין דער געביידע קעגנאיבער, שטייען זייער אָפט ביי די פענצטער און מאַכן כסדר מיט די הענט. וואָס מערער איך האָב זיך צוגעקוקט, אַלץ קלאָרער איז מיר געוואָרן, אַז אַן עפּידעמיע פון ריידן אויף שטום־לשון האָט אַרומגעכאַפּט איןביידע געביידעס דאָס רוב קראַנקע, וואָס האַלטן אין בעסערן זיך.

אין אונדזער בנין זענען צוויי גאָרנס אָפּגעגעבן פאַר פרויען וואָרדס. דורך די פענצטער קוקן אַרויס יונגע מיידלעך, שיינע, חנ׳עוודיקע. און דער יצר־הרע טוט זיך זיינס אפילו ווען מ׳איז קראַנק, און נאָך מיט מער ברען.

די בחורים און מיידלעך, וואָס בעסערן זיך, קענען צוויי טעג אַ וואָך זיך טרעפן איינע מיט די אַנדערע און פאַרברענגען צוזאַמען. איין טאָג איז, ווען מען ווייזט „מואוויס״ אין גרויסן פאַרוויילונג־זאַל, און זונטיק באַגעגענען זיך די „פאַרליבטע פּאָרלעך״ אין די געבעט־הייזער.

אָבער אין די אַנדערע טעג פון וואָך קאָן דער בחור זען זיין „ליבהאַרציקע״ נאָר פון דער ווייטנס. מ׳קאָן ניט ריידן צו איר מויל צו מויל, און מ׳קאָן ניט פילן איר נאָענטקייט. צוליב דעם איז דאָ דערפונדן געוואָרן די פינגער־שפּראַך, זי זאָל דינען די הערצער וואָס גלוסטן און מאָנען...

די מערכה פון די בחורים אין אונדזער געביידע איז אַ בעסערע. זיי גייען אַרויס אויף די ווערענדעס, און פון דאָרטן זעען זיי זייערע בחור׳טעס פון דער נאָענט און ריידן צו זיי מיטן מויל. אמת, ס׳איז אָך־און־ווי צו אַזאַ ריידן! עס איז ניט גערעדט, נאָר געשריען, געגוואַלדעוועט. די בחורים מוזן נעבעך פאַררייסן זייערע קעפּ און זיך רייסן די העלדזער, כדי זייערע ווערטער זאָלן זיך דערטראָגן צו די „סוויטהאַרטס״, וואָס שטייען ביי די פענצטער אויף די אויבערשטע גאָרנס. אָבער דווקא דאָס שרייען גיט דעם ריכטיקן

אויסדרוק, שטימט מיט דער גאַנצער לאַגע. עס איז דער געשריי פֿון באַגער, וואָס די ביטערע קראַנקייט האַלט איינגעצאַמט מיט צען צאַמען; האַלט געשמידט און איינגעצוימט. רייסט זי זיך פֿון די קייטן און שרייט גוואַלד.

פֿאַראַן בחורים, וואָס שטייען אָפּ שעה׳ן לאַנגע אויף דער ווערַאַנדע אין פֿייכטע וועטערן, ווערן צוביסן פֿון קאָמאַרן און האַלטן אין איין שרייען צו זייערע מיידלעך מיט קולי־קולות.

די מערסטע פֿון די בחורים ווייסן, אַז דאָס איז בלויז „ליבעס־פּלאַפּלערליי״, וואָס וועט צו קיין „תּכלית״ ניט פֿירן. די הערצער פֿון די מיידלעך, זייערע „האַרצנס־געליבטע״, טרוימען גאָר אָפּט פֿון אַנדערע. ווער, אָבער, קען וויסן די אומוועגן און די ראַנגלענישן פֿון אַ האַרץ, אַ פֿאַרליבטס?

די בחורים פֿון דער אַנטקעגנדיקער געביידע, איבערהויפּט ווינטער־צייט, האָבן טאַקע ניט קיין בעסערן צונויפֿרייד מיטל ווי די פֿינגער־שפּראַך. שטייען זיי שעה׳ן לאַנג ביי די אָפֿענע פֿענצטער, קוקן זיך איבער פֿון דער ווייטנס מיט זייערע „שיינהייטן״, און לאָזן זייערע פֿינגער ריידן פֿאַר זיי.

און די „רעדנער״: פֿאַראַן צווישן זיי אַזעלכע, וואָס האָבן גוט איינגעלערנט דעם נייעם שמועס־מיטל, האָבן אים אַנטוויקלט און פֿאַרפֿאָלקאָמט. זייערע פֿינגער אַרבעטן מיט גוואַלדיקער שנעלקייט. זייערע באַוועגונגען זענען לייכט און גראַציעז.

אַנדערע, ווידער, זענען קאַליקעס — „פֿינגער־שטאַמלערס״. מ׳זעט ווי זיי פֿראַצעווען נעבאַך, באַגיסן זיך מיט שווייס. זייערע באַוועגונגען זענען הילצערנע, בערישע, קאָמישע, אומגעלומפּערטע און הילפֿלאָזע.

און ס׳זענען דאָ אויך יחידי־סגולה וואָס האָבן אין דער פֿינגער־שפּראַך דערגרייכט ממש מייסטערשאַפֿט.

איבערהויפּט צייכנט זיך אויס איינער אַ שפּאַניער, וואָס געפֿינט זיך אויפֿן אויבערשטן גאָרן אין דער אַנטקעגנדיקער געביידע.

מיר פֿאַרשאַפֿט דער בחור אַ היבש־ביסל פֿאַרגעניגן. איך ווייס

שוין די שעה׳ן, וואָס זענען ביי אים באַשטימט צו שמועסן מיט זיין געליבטער, פון העכסטן גאָרן, אין אונדזער בנין. אמת, איך פאַר־שטיי כמעט גאָרניט פון זיין פינגער־שפּראַך. איך פאָלג אָבער נאָך זיינע באַוועגונגען מיט דער זעלבער הנאה, וואָס איך פיל, נאָכ־פאָלגנדיק די חנ׳עוודיקע, שטיפערישע באַוועגונגען פון די פייגע־לעך, וואָס שפּרינגען אַרום אויף די צווייגלעך פון קוסט ביי מיין פענצטער.

אָט דער שפּאַניער האָט דאָ אויסגעטראַכט אַ פינגער־־אלף־בית פאַר ביידע שפּראַכן, דער ענגלישער און שפּאַנישער, און באַווייזט מיט זיי גרויס בריה׳שאַפט. אָפט רעדט ער מיט די פינגער פון איין האַנט. אַמאָל בלויז מיט איין פינגער. ניטאָ קיין געשיקטערער פון אים. יעדע תנועה זיינע איז פול מיט חן.

ס׳זעט אויס, אַז די געליבטע זיינע איז אויך אַ גרויסע בריה׳טע אויף דער פינגער־שפּראַך. איך בין זיך משער, אַז זי ענטפערט בליץ־שנעל. דער בחור באַווייזט נאָך ניט צו ענדיקן זיין זאַץ, דאַרף ער שוין ווידער ענטפערן.

דער שפּאַנישער בחור פילט, אַ־פּנים, אַז ער איז דאָ דער גרעסטער „קנאַקער״, דער הויפּט־העלד פון די פינגער־רעדנער.

דאָס רוב באַווייזט ער זיך ביים פענצטער אין אַ שיינעם בונטן שלאָפראָק. דעם באַפרענדזלטן גאַרטל פאַרבינדט ער, שטייענדיק שוין נאָענט ביים פענצטער. ער גיט אַ פייף אויף זיין באַזונדער שטייגער צו זיין געליבטער און זייער „שמועס״ הויבט זיך אָן.

דאָס פּנים פון דעם שפּאַניער שפּילט און פינקלט. אָפט ווערט ער אַ גאַנצער אַקטיאָר. פאַרשטעלט זיך פאַר אַן „אָטעלאָ״. די אויגן ברענען מיט אַ שוואַרצן קנאה־פייער, גרייט צו דערמאָרדן זיין געליבטע, אויב זי וועט אים פאַרראַטן. און אָט ווערט ער פאַר־וואַנדלט אין אַ „ראָמעאָ״, וואָס באַהאַרצט זיין „דזשוליעט״ מיט אויגן פון אַ טרייען, ביז צום טויט איבערגעגעבענעם פאַרליבטן.

גאַנץ אָפט גיט ער, אַזוי שמועסנדיק, אַ וואָרף אַריין אין מויל אַ צוקערל מיט אַ גראַציעזע באַוועגונג פון זיין לינקער האַנט, און די

פֿינגער פֿון דער רעכטער האַנט הערן בעת־מעשה ניט אויף צו טאַנצן אין דער לופֿט.

ווי אַ קינסטלער־אַ שפּילער, וואָס צויבערט מיט זײַנע פֿינגער אויף די סטרונעס פֿון זײַן האַרפֿע, אַזוי שפּילט אָט דער שפּאַניער מיט זײַנע פֿינגער אויף די האַרץ־סטרונעס פֿון זײַן געליבטער.



## 36. צוויי מלאָכים

ערב־יום־כּיפּור, נאָך האַלבן טאָג.

די נשמה נאָגט, דאָס האַרץ בענקט, גייט אויס נאָכן טאַטנס הויז, נאָך דער אידישער סביבה, פֿון יענע ווייטע, ליכטיקע טעג...

אַ שטורימדיקע האַנטפּאַטשערײַ, געלעכטער און געשרייען: „וואָהט׳ס דהי סקאָר?" האָבן מיך אויפֿגעוועקט פֿון מײַנע דמיונות און מיך צוריקגעוואָרפֿן אין מײַנע פֿיר איילן, אין מײַן ענג צימערל. כ׳בין אַליין מיט זיך, עלנט און פֿאַר׳יתומ׳ט. מײַן זעל נאָגט און נאָגט. עך! עך! ווי כ׳וואָלט געוואָלט זען אַ אידן, אַן אונדזעריקן, הײַנט ערב יום־הקדוש!... ערשט עס עפֿנט זיך די טיר, אין מײַן צימערל קומען אַרײַן צוויי אידישע מענטשן, אומבאַקאַנטע: פֿאָטער און טאָכטער.

דער פֿאָטער באַמערקט מײַן פֿאַרוואונדערט פּנים, און ער רופֿט זיך אָן צו מיר: „מיר האָבן קיין טעות ניט, צו אײַך טאַקע זענען מיר געקומען".

כ׳בין געוואָר געוואָרן: זיי זענען תּושבים אין געגנט פֿון „גריג־לאַנד". די טאָכטער איז אַ נאָענטע חבר׳טע פֿון מײַנער אַ תּלמידה. מײַן שילערין האָט עס זי טאַקע געבעטן צו גיין מבקר־חולה־זײַן איר לערער און אים איבערגעבן פֿון איר אַ גערוס. דער פֿאָטער, אַ איד מיט אַן איידל פּנים, אַ מענטש, וואָס פֿילט דעם צער פֿון כּלל ישראל, — האָט עס איר טאַקע גע׳עצה׳ט מיך צו באַזוכן

אום ערב יום־כיפור, באשר: „אין אַזאַ טאָג איז כמעט אוממעגלעך פאַר די קרובים צו קומען פון ווייטן אויף אַ באַזוך, טאָ לאָמיר היינט מקיים־זיין די מצווה פון ביקור־חולים".

די טאָכטער האָט מיר געבראַכט אַ פעקל יום־טוב'דיקע שפייז. מיט גרויס תמימות האָט זי מיר פאַרזיכערט איינמאָל און נאָך אַמאָל, אַז די מוטער אירע האָט אַלץ אַליין צוגעגרייט און כשר געמאַכט, ווי עס דאַרף צו זיין.

כ'האָב פאַרבראַכט מיט מיינע ליבע באַזוכערס אַ היבשע ווײַלע. געהאַט אַן אמת אידישן שמועס. כ'האָב ממש אויפגעלעבט.

די פריינט האָבן זיך מיט מיר צעזעגנט מיט די אָנגענומענע ברכות, וואָס מ'הערט געוויינטלעך אין אידישע הייזער ערב דעם יום־הדין, און מיר געוואונטשן אַ רפואה־שלימה.

ווען זיי זענען אַוועק, איז מיין האַרץ געווען פול מיט אַ געפיל פון דאַנקבאַרקייט צו מיין תלמידה, וואָס געדענקט מיך און טראַכט וועגן מיר; צו די צוויי ליבע, גוטע באַזוכערס, און נאָך מער צו גאָט ברוך הוא, וואָס האָט געזען מיין האַרץ און פאַרנומען מיין צער, און צו מיר געבראַכט ערב יום־כיפור צוויי גוטע מלאכים אין געשטאַלט פון אמת'ע אידן.



## 37. חומש מיט רש״י

(פון אַ בריוו צו מיין טאַטן — מיין רבי׳ן און דערציער)

נאָך אַ לאַנגער הפסקה האָב איך ווידער אָנגעהויבן אַריינ־קוקן אין אַ חומש מיט רש״י, וואָס דער ליבער ראַבּיי י—ב האָט מיר געבראַכט.

כ׳בין געגליכן צו איינעם, וואָס האָט געהאַט פאַרלוירן אַן אבן־טוב, און גאָר אומגעריכט, נאָכדעם ווי ער האָט זיך שוין מיאש געווען, האָט ער עס צוריק געפונען. שיינט דער איידלשטיין אין זיינע אויגן מיט אַלע פיל־פאַרביקע קאָלירן, וואָס זענען אים אַזוי גוט באַקאַנט פון פריער, און מיט אַ נייעם צוגאָב־גלאַנץ, וואָס ער האָט פריער גאָר ניט באַמערקט.

כ׳בין געגליכן צו איינעם, וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט און ניט געקאָנט געפינען דעם וועג אַהיים. און פּלוצים — דערזעט ער זיך שטיין ביי זיין עלטערנס הויז, און דער טאַטע קומט אים אַנטקעגן מיט זיין ליבהאַרציקן, ליכטיקן פּנים.



## 38. בלעטער־געפאַל

(פון אַ בריוו צו מיין ליבן פריינד: ר. וו.)

**געקומען...** איז די צייט פון בלעטער־געפאַל און האָט פאַר־וואַנדלט אין סקעלעטן די ביימער און קוסטעס, מיט וועלכע איך האָב מיינע אויגן געזעטיקט זינט איך געפין זיך אין מיין קליין צימערל.

און די אייביקע שותפים פון בלעטער־געפאַל, דער ווינט און דער רעגן, בושעווען און גיבן קיין רו ניט. קלאַפּן אויף די פענצטער און קערן אויס די ליכט־זאַנגען, וואָס דער זומער האָט אין די הערצער פאַרזייעט.

און ווען די צייטן און וועגן זענען, בעוונותינו הרבים, פאַר־

פלאָנטערט געוואָרן, זענען פאַרטונקלט געוואָרן די ליכטער... און מיר דאָ אין „גרינלאַנד" זענען „מענטשנקינדער וואָס זיצן אין דער פינצטער".

און די פינצטערניש פאַרמינערט די שעה'ן פון לייענען און פאַרמערט דעם טרויער אין האַרצן. די נשמה איז צעווייטיקט; קען ניט משיג־זיין די וועגן פון דער גרויסער וועלט, וואָס בייזע גייסטער ווילן חרוב מאַכן, און די שטעגן פון מיין קליין וועלטל, וואָס איז צעבראָכן. די נשמה ווייטיקט און פרעגט: ווען וועט קומען די ישועה?

כ'בעט דיך, ברודער, שרייב אָפט עטלעכע שורות. גרויס איז דער כוח פון שורות, געשריבענע פון אַ גוטן פריינד, צו פאַרגרינ־גערן די לאַסט פון עלנטקייט, וואָס דריקט אָן אויפהער.



## 39. פריינט־אין־בראָך

אין אָט די טעג, ווען דאָס געבאָט צו פאַרטונקלען די באַ־לייכטונג („בלעק־אַוט") איז אַזוי האַרב, זענען די באַאַמטע פון שפּיטאָל געוואָרן נאָך שטרענגערע מחמירים: האָבן גוזר געווען ניט אָנצוצינדן די עלעקטרישע לאָמפּן פון האַלבן טאָג אָן.

און דער שר פון צייט, פון זיין זייט, האַלט אין איין קירצער מאַכן די טעג און לענגער מאַכן די נעכט.

כ'האָב זיך אַרומגעזען, אַז דאָס בעסטע פאַר מיר איצט איז, צו האָבן אַ ראַדיאָ.

אָט די וואונדערלעכע כלי, וואָס ביים רוב קראַנקע איז עס ממש אַ נויטווענדיקייט, בין איך זיך באַגאַנגען אָן איר העכער צוויי יאָר.

נעכטן איז געקומען מיין געטרייע שוועסטער מיך באַזוכן, און האָט מיר געבראַכט מיין קליינינקע, ווייסינקע ראַדיאָ.

אַט די ראַדיאָ איז ביי מיר זייער טייער. ס׳איז אַ מתנה פון מיין איבערגעגעבענעם חבר ר. וו. בשותפות מיט אַ גרופּע תלמידים, וואָס מירביידע האָבן זיי געלערנט. ליבע זכרונות פון יענע גוטע טעג, זענען ביי מיר מיט דער ראַדיאָ פאַרבונדן.

אָבער, אין דער צייט פון מיין ליגן קראַנק אין שפּיטאָל, איז די ראַדיאָ אין צוויי ערטער צעשעדיקט געוואָרן. מ׳האָט זי צו מיר געבראַכט געבונדן אין דראָט.

איך און זי — פריינט־אין־בראָך.



## 40. ווי דער חורבן — אַזוי די טרערן

ווי אַ תשעה־באָב נאַכט, האָט מיר אויסגעוויזן די נאַכט פאַרן נאַציאָנאַלן טרויער־טאָג אויף די אידישע קהילות, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן.

אין דער שרעקלעכער פינצטערניש האָט געבושעוועט דער ווינט. און מיין זעל אין מיר האָט געברומט, געשטורעמט. מיין שלאָף האָט זיך פון מיר אָפּגעטאָן.

כ׳האָב זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס קומט פאָר אין דרויסן:

דער שטורעם האָט גערוישט, געווירבלט. דער רעגן האָט גע׳מבול׳ט, געקלאַפּט אָן אויפהער.

ווי דער שטורעם — אַזוי דער רעגן;
ווי דער חורבן — אַזוי די טרערן.

ווירקלעכקייט און דמיון האָבן זיך געמישט. טירן ברעכעריי און בריאַזג פון שויבן. אַן איבערפאַל אָן אויפהער. אַן אין־סוף׳יקע ראַנגלעניש. געיאָמער האָט זיך צו מיר דערטראָגן. בראָך־ווייען און צאַפּלעניש־געשרייען.

און צווישן אַלעם, און איבער אַלץ, האָב איך געהערט אַ תפילה, ווי דאָס קול פון אַ גרויסן המון־עם, וואָס איז מתפלל.

ניט איינמאָל און ניט צוויימאָל במשך פון דער לאַנגער נאַכט, האָב איך פאַרנומען די תפילה מיט איר הייליק־דביקות'דיקן ניגון. דאָס איז דער ניגון, וואָס האָט איינגעזאַפּט אין זיך דעם צער פון דורות.

דאָס איז די קינה־תפילה פון מיין פאָלק, וואָס איז מזכיר די נשמות פון זיינע קדושים וטהורים, און בעט רחמים פאַר די לעבעדיקע.

---

(אין תענית־טאָג אויפן חורבן פון די אידישע קהילות אין איראָפּע.)



## 41. די מתנה פון טרער

פון זיין באַזונדער צימערל — פון זיין עלנט־ און פיין־שטייג — טראָגט זיך אַ וויינענדיק קינדער־קול. דאָס געוויין גיסט זיך אַריין אין דער שטילקייט פון דער נאַכט; פילט אָן דעם חלל פון דורכגאַנג־צימער, און דערטראָגט זיך צו די דערוואַקסענע ברידער אין די גרויסע קראַנקנצימערן.

אַ צופנדיקער ווייטיק, בענקעניש, צער, פאַרשעמטקייט, און מער פון אַלץ ביטערניש פון עלנטקייט, הערט זיך אין די אָפּגע־האַקטע און אויסגעצויגענע שלוכצן.

ווער האָט עס דיך, קינד, אַרויסגעריסן פון די אָרעמס פון דער מאַמע, וואָס פאַרגלעטן יעדע וואונד, וואָס שטילן יעדן ווייטיק?

ווער האָט עס דיך אַרויסגעשלעפּט פון דער לוסטיקער קינדער־סביבה?

ווער האָט עס דיך אַריינגעוואָרפן אין דער פינצטערניש פון נאַכט, אין דער דריקנדיקער, קלעמיקער איינזאַמקייט?

ווער הא̇ט עס א̇רײַנגעטריפט סם אין כוס פון דײַן פרײלעכקייט?
ווער הא̇ט עס צעשטערט די פרייד פון דײַן לעבן אין די טעג פון דײַן קינדהייט?

דו ווײנסט, אונדזער קלײנער ברודער, און פון דײַן געוויין הערט זיך אויך דא̇ס פא̇רשעמטקייט פון אונדזער לעבן.

דער שליח־ציבור פון די גרויסע, דײַנע ברידער אין גורל, ביסטו בײַ אונדז, אין א̇ט דער נא̇כט.

מיר, די גרויסע, שעמען זיך צו וויינען. אונדזער טרער ווערט פא̇רהא̇לטן אין אויג, ווערט דערדריקט אין הא̇לדז. אונדזער צער איז פא̇רפרעסט אין הא̇רצן.

און ווען דא̇ס הא̇רץ ווערט איבערפילט, רײַסט זיך א̇רויס א̇ קרעכץ, א̇ זיפץ. און ווען דער ווייטיק שטיקט גא̇ר שטא̇רק, וויינט דא̇ס הא̇רץ פון דערוואַקסענעם שטיל־באַהאַלטן.

א̇בער דו, קינד־פון־פײַן, דו קלײנער, דײַן זעל איז נא̇ך גא̇נץ אין דיר. די חרפה פון קרא̇נקייט הא̇ט נא̇ך אין דײַן נשמה קיין פגימה ניט געמא̇כט; הא̇ט נא̇ך פון דיר ניט א̇וועקגערויבט דא̇ס טײַערע געשא̇נק, די מתנה פון דער געטרײַער טרער, די טרער וואָס ברענגט דערלײַזונג.



שלמה דמשק

# 42. געשטאָרבן איינער פון דער חברותא

לאַנט איז אין משך פון דער נאַכט געשטאָרבן.

לאַנט איז זייער באַליבט געווען ביי דער גאַנצער חברותא. האָט זיין טויט יעדן איינעם דערשיטערט.

לאַנט איז געווען פון די תושבים אין „גרינלאַנד". איבער פיר יאָר האָט ער זיך דאָ געמוטשעט. האָט דאָ דורכגעמאַכט אַ סך גלגולים אין זיין קראַנקייט און זיך אָנגעליטן יסורים אָן אַ שיעור.

מיט פינף חדשים צוריק האָט פאַר אים אַ שיין געטאָן די האָפענונג, אַז ער וועט אינגיכן דערלייזט ווערן.

נאָך צוויי יאָר היילן זיך דורך אַ „מינאַלדאָ", האָט מען ענדלעך אַרויסגענומען דאָס גומענע רערל פון זיין ברוסט־קאַסטן, און ער איז פטור געוואָרן פון באַנדאַזש. די אָפּעראַציע־עפענונג איז פאַר־צויגן געוואָרן. מ'האָט אים געשיקט צו אַ ספּעציאַליסטן־קאָמיסיע. צוריקגעקומען איז ער ווי — אַ קאַנדידאַט פאַר אַ „טהאָראַקאָ־פּלאַסטי" אָפּעראַציע פון צוויי מדריגות.

אַן אַנטוישטער, אַ דערשלאָגענער, האָט זיך לאַנט צוריקגעקערט. זיין געוויינטלעכע רואיקייט — אַ רואיקייט, וואָס איז אַזוי זעלטן צו זען צווישן זיינע ראַסן־ברידער, די נעגערס, — האָט ניט געקאָנט באַהאַלטן דעם טיפן טרויער אין זיין האַרצן. זיינע גרויסע, שיינע אויגן, וואָס האָבן געקוקט מיט פּקחות דורך זיינע פּירקאַנטיקע גלעזער, האָבן זיך מיט אומעט פאַרצויגן.

***

די צוויי אָפּעראַציעס האָבן ביי לאַנט'ן אויסגעזויגן זיינע כוחות, און זיין אָטעמען איז געוואָרן שווערער און שווערער.

די דאָקטוירים האָבן אים געראָטן דורכצומאַכן אַ דריטע אָפּע־ראַציע. האָט ער זיך שוין געגרייט צו גיין צום אָפּעראַציע־טיש צוויי טעג שפּעטער.

דאָס האַרץ איז אים שווער געווען. ער האָט זיך געשראָקן פאַר דער אָפּעראַציע; האָט זיך געשראָקן און איז אַרומגעגאַנגען צע־קלעמט און צעבראָכן.

דאָס האַרץ האָט אים נביאות געזאָגט. פּלוצים — אַ בלוט־שטורץ. צוויי טעג אין אָקסידזשען־ביידל. ביינאַכט איז געקומען דער טויט און אַ סוף געמאַכט צו זיינע מורא׳ס און דאגות.

ס׳וועט זיין שווער זיך צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז לאַנט איז מער נישט מיט אונדז.

מ׳וועט שוין מער ניט זען דעם גרויסן קאָפּ, באַדעקט מיט ווייסער וואָל, וואָס האָט באַצירט זיין עלטער מיט אַ באַזונדער חשיבות.

ס׳אויג וועט שוין מער ניט באַגעגענען דעם גוט־ברודערישן שמייכל, וואָס האָט תמיד געשוועבט אויף לאַנט׳ס ליפּן, זאָגנדיק: „העלאָו!״.

ס׳איז נישטאָ מער דער מענטש, וואָס זיין געמיטלעכקייט האָט אַנטקעגן געשטראַלט איטלעכן און אַלעמען.

ער האָט אַריינגעבראַכט געלאַסנקייט און גלייכגעוויכט אין דער אָפּט־קאָכיקער אַטמאָספער פון די קראַנקנצימערן.



# 43. צווישן די צוויי פּאָליוסן: „פּאָזיטיוו" און „נעגאַטיוו"

„פּאָזיטיוו" און „נעגאַטיוו" — אָט די צוויי טערמינען, וואָס ווערן באַנוצט אין פראַגן פון היכצע ענינים, פיזישע און מעטאַ־פיזישע, פאַרנעמען אַ הויכן אָרט אין דער וועלט פון די שווינדזוכט קראַנקע.

און ניט נאָר פאַרנעמען אָט די צוויי ווערטער אַן אָרט אין דער הויך, נאָר אויך אין דער נידער. זיי ליגן אויפן שוועל פון באַוואוסט־זיין און אונטער־באַוואוסטזיין. עס איז ניטאָ קיין אָרט וואָס איז פריי פון זיי. זיי שוועבן אַרום פאַר די אויגן און פילן אָן דעם חלל פון די וואָרדס, פון די באַזונדערע צימערן, די דורכגאַנג־קאָרידאָרן, די וואַשצימערן, אומעטום, וואו עס געפינען זיך די קראַנקע.

די צוויי טערמינען קלינגען אין די אויערן יעדן טאָג און יעדער שעה, אין די וואָכעדיקע טעג ווי אין די שבת־ און יום־טוב־טעג. דער געדאַנק פון חולה איז קיינמאָל ניט פריי צו פאַרנעמען דעם כסדר'דיקן זשומען פון די צוויי ווערטער: „פּאָזיטיוו — נעגאַטיוו".

***

פון דער מינוט, ווען דער קראַנקער דערהערט צום ערשטן מאָל פון דאָקטאָרס מויל (אין אַ צושטאַנד פון צער און שברון־לב, וואָס לאָזט זיך ניט באַשרייבן) דעם מאוים'דיקן צייכן „פּאָזיטיוו", ווערט ער געפאַנגען אין זיין קלעם, ווערט אונטערוואָרפן אָט דעם צייכנס ווירקונג מיט אַלע זיינע רמ"ח איברים און שס"ה גידים.

פון דאַן אָן געפינט זיך דער קראַנקער אין אַ צושטאַנד פון דערוואַרטונג; קוקט אויס די אויגן אויף יענעם גליקלעכן טאָג, אויף יענער געגאַרטער שעה, ווען מ'וועט אים לאָזן הערן דעם היפך פון יענעם שרעקלעכן צייכן, — נישט „פּאָזיטיוו", נאָר „נעגאַטיוו".

פון דער ערשטער רגע ביז דער לעצטער, ווען דער חולה ווערט פטור פון דער פאַרשאָלטענער קראַנקייט, צי דורך רוען אין בעט, צי דורך לופט־איינשפּריצונגען, דורך אַן אָפּעראַציע, אָדער ער ווערט אויסגעלייזט פון איר דורכן אייביקן שלאָף, — יענע אַלע טעג, חדשים און לאַנגע־לאַנגע יאָרן געפינט ער זיך צווישן די צוויי מאַגנעטן פון די צוויי פּאָליוסן: „פּאָזיטיוו — נעגאַטיוו".

***

און אַ סך מדריגות האָט דער צייכן „פּאָזיטיוו". אויף זיי האַלט דער חולה אין איין אַרויפגיין און אַראָפּגיין. און פון חודש צו חודש, פון פּרואוו צו פּרואוו, ווערט ער געוואָרפן צווישן „אַרויף" און „אַראָפּ", און זיין האַרץ ציטערט.

צווישן האַלב, דריטל און פערטל „פּאָזיטיוו". קוקט ער אויס די אויגן מ'זאָל אים פאַרבייטן דעם פּרואוו פון „פּשוט'ן שמיר" — אויב ער איז זוכה און ווערט באַצייכנט „נעגאַטיוו" — אויפן „קאָנ־צענטרירטן" פּרואוו.

און ס'איז ניט גלייך אַ פּרואוו פון אַן איין מעת־לעת'יקן „קאָנ־צענטרייט" צו אַ פּרואוו פון דריי מעת־לעת'ן.

און אַז דער חולה מאַכט שוין דורך בשלום אָט די פּרואוון, קומט דער „געסטריק", און זיין גורל הענגט שוין אָפּ פון אָט דעם נייעם פּרואוו.

און אַז דער קראַנקער גייט שוין דורך אַלע זיבן און זיבעציק מדורי־הקראַנקייט, זאָט מיט ליידן — אָבער דערהאַלט זיך און איז זוכה אַרויסצוגיין אָן אַ מכשול פון די אַלע פּרואוון, — לערנט מען מיט אים אַ נייע הלכה פונ'ם שולחן־ערוך פאַר די לונגען־קראַנקע, וואָס דערהאַלן זיך:

„זעקס חדשים זאָלסטו ציילן".

פון טאָג, ווען דער חולה ווערט באַשטימט „נעגאַטיוו", דאַרף ער ציילן זעקס חדשים כסדר, באַקומענדיק יעדן חודש „קאָנ־

צענטרירטע" פּרואוון און „געסטריקס", ביז ער האָט די זכייה, אַז דער אונטערזוכונגס־דאָקטאָר זאָל אים באַצייכענען פאַר אַ קאַנדי־דאַט צו גיין אַהיים.

און אַז ער דערהערט שוין מיט פרייד און ציטער די גוטע בשורה פון אונטערזוכונגס־דאָקטאָר, וואַרט ער ערשט ווידער מיט האַרץ־פּלאַטערניש אויפן טאָג ווען ער וועט געשטעלט ווערן פאַר דער „ספּעציאַליסטן"־קאָמיסיע, צו הערן זייער מיינונג צום גוטן, אָדער, חלילה וחס, צום שלעכטן. און דערווייל — הענגט איבער זיין קאָפּ די דעמאָקלעס שווערד פון די פּרואוון, און די שאָטנס פון די צייכנס „פּאָזיטיוו" —„נעגאַטיוו" גייען אים נאָך.

***

פאַרוואָר! גרויס איז דער אונטערשייד צווישן „פּאָזיטיוו" און „נעגאַטיוו" אין לעבן פון לונגען־קראַנקן!

דער צייכן: „פּאָזיטיוו" — לייגט אַריין דעם חולה אין אַ ליידנס־בעט, ברענגט אים אַריין אין אַ צושטאַנד פון פאַרצוויגענער קראַנקייט, וואָס „מאַכט אויסגיין די אויגן און פאַרשמאַכן די זעל".

דער צייכן „פּאָזיטיוו" רייסט אַרויס דעם קראַנקן פון דעם איינגעשטעלטן תחום פון זיין לעבן, פון זיין סביבה, פון זיין פאַמיליע, פונ׳ם קרייז פון זיינע חברים און פריינט און פאַרשיקט אים מחוץ למחנה, צו זיין געשמידט אין פּיין און ליידן, ניט צו וויסן פאַר ווי לאַנג און ביז ווען!

להיפך:

דער צייכן: „נעגאַטיוו" — וועקט אויף אויפסניי אין האַרצן פון קראַנקן אַ באַגער צום לעבן; אַ שטרעבונג געזונט צו ווערן; מונטערט אויף די איינגעדרימלטע כוחות און פאַרשטאַרקט זיי. דערקוויקט די נשמה מיט האָפענונג אויף בעסערע טעג, טעג פון ליכט און פרייהייט.

און נאָכמער:

דער „נעגאַטיוו" צייכן באַפרייט דעם קראַנקן פון קלעם, ברענגט אים צוריק פון מחוץ למחנה; לייזט אים אויס פון דער שפּיטאָל־אַטמאָספער, פון אָפּגעזונדערטקייט; קערט אים צוריק צו זיין קרייז, צו זיין היימישער סביבה און נאָרמאַלן לעבן.

דעריבער צאַפּלט זיך אַזוי דאָס האַרץ, איז צערודערט און אויפגעטרייסלט ווען דער פּרואוו ווערט געגעבן.

איז טאַקע יענע וואָך — פון טאָג ווען דער פּרואוו ווערט געגעבן, ביז דער צייכן קומט צוריק — אַ וואָך פון שטענדיקער תפילה, פון באַגער און דערוואַרטונג.

ווייל דאָס לעבן הענגט כסדר צווישן „פּאַזיטיוו" און „נעגאַטיוו".

דער צייכן וועגט אַריבער די וואָגשאָל; באַשטימט דעם גורל.



## 44. דער קליינער מעלווין זוכט פריינט

**פאַרנאַכט** האָט די קראַנקנשוועסטער אַריינגעפירט דעם עלף־יאָריקן אינגל, מעלווין, אין זיין באַזונדער צימערל. זי האָט געמאַכט אַ רשימה פון די אַלע זאַכן און קלייניקייטן, וואָס מעלווין האָט מיטגעבראַכט פון דער קינדערהיים, און זי האָט יעדע זאַך אַוועקגעלייגט אויף אַן אָרט. נאָכדעם ווי זי האָט מעלווינען אַריינגעלייגט אין בעט און אים געזאָגט דעם געוויינטלעכן זאָג: „זיי אַ גוט אינגל!" — איז זי אַרויס פון צימער.

מעלווין איז פאַרבליבן אַליין. איינזאַם. ס'איז אַריבער אַ קורצע ווילע און פון מעלווינ'ס צימערל האָט זיך געלאָזט הערן אַ געוויין. אין אָנהויב זענען עס געווען קורצע, אָפּגעהאַקטע שלוכצן. דערנאָך זענען די שלוכצן איבערגעגאַנגען אין אַ לאַנגן געוויין, אַן אָנגעזאַפּטן מיט טרויער און האַרצקלעמעניש.

מאַלוסאָן, אין שכנות מיט מעלווינ'ס צימער, איז אַריין אים צו באַרויקן.

מעלווינ'ס פלאַקסן, געשוירן קעפּל איז געווען איינגעגראָבן אין קישן. ער האָט ניט אויפגעהערט צו יאָמערן.

— וואָס ווייּנסטו, קינד מיינס? — האָט אים מאַלוסאָן געפרעגט.

— כ'וויל צוריקגיין אין קינדערהיים.

— מ'וועט דיך זיכער אינגיכן צוריקשיקן אַהין.

— אָבער מען דאַרף אויף מיר מאַכן אַן אָפּעראַציע, — האָט מעלווין געענטפערט, זיך אויפגעזעצט און צוביסלעך אויפגעהערט צו וויינען. די אַש־קאָלירדיקע אויגן, באַזוימטע מיט לאַנגע, שוואַרצע ברעמען, האָט ער געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט ביים ריידן.

— נו איז וואָס? — האָט אים מאַלוסאָן געפּרואווט באַרויקן — די אָפּעראַציע איז ניט קיין שווערע. מ'פילט ניט קיין ווייטיק.

— איך ווייס! כ'האָב שוין געהאַט איין אָפּעראַציע.

— ווייסטו דאָך שוין אַז ס'איז גאָרנישט. טאָ פאַרוואָס־זשע וויינסטו?

— אָבער מ׳לייגט עפּעס אַרויף אויפן פּנים! — האָט מעלווין אויסגעשריען אין אַ וויינענדיק קול.

ס׳ווייזט אויס, אַז ער האָט זיך איבערגעשראָקן פאַר דער גאַז־מאַסקע, וואָס מ׳האָט אים אַרויפגעלייגט אויפן פּנים פאַר דער אָפּעראַציע, און די שרעק איז אים געבליבן אין זכרון, — האָט מאַלוסאָן געטראַכט פאַר זיך.

— און אָט איבערדעם זאָרגסטו זיך? מ׳טוט דאָך אַרויף די מאַסקע מ׳זאָל ניט פילן קיין ווייטיק. איך זע אַז דו ביסט אַ קלוג אינגל, דאַרפסטו זיך כלל ניט שרעקן פאַר אַזאַ קלייניקייט.

— כ׳וויל מ׳זאָל מיך צוריקנעמען אין קינדערהיים! — האָט זיך מעלווין ווידער גענומען צו זיין ערשטער טענה, האָט זיך צוריקגעלייגט אין בעט, באַהאַלטן דעם קאָפּ אין קישן און ווידער אָנגעהויבן שלוכצן.

מעלווינס געוויין האָט זיך מיט קורצע הפסקות געהערט אַ גאַנצע נאַכט. עטלעכע מאָל איז צו אים אַריין די קראַנקנשוועסטער. זי האָט זיך אָנגעבייזערט אויף אים, וואָס ער לאָזט ניט שלאָפן די אַנדערע חולאים. זי האָט אויך געפּרואווט ריידן מיט גוטן: אויפקלערן און באַרואיקן אים.

אויף אירע אַלע רייד האָט מעלווין געענטפערט וויינענדיק: „מיר איז דאָ אַזוי אומעטיק. כ׳וויל צוריקגיין אין קינדערהיים!“

אינדערפרי, באַלד נאָכן פרישטיק, איז מאַלוסאָן אַריין אין רעכטן פליגל־וואָרד, אין דער צייט ווען די קראַנקנשוועסטער מאַכן די בעטן, און זיך אָנגערופן צו די חברים: „חברה! מיר מוזן עפּעס טאָן צו צעשטרייען אונדזער קליינעם חבר, מעלווין. מ׳מוז פאַר אים געפינען חברים, ער זאָל זיך ניט פילן אַזוי עלנט!“

אַלעמענס אויגן האָבן זיך אַ קער געטאָן צו ווילין. די הויפּט־שוועסטער האָט איר קוק אויך געווענדט אויף אים, און געזאָגט: „דו, ווילי, דאַרפסט זיך באַפריינדן מיט דעם קליינעם חבר. ביסט נאָך אַליין אויך אַ אינגל, וועסטו קענען לייכט געפינען מיט וואָס אים צו פאַרווילן“.

ווילי האָט זיך דערפילט ווי אָפּגעבריט פון אָט די ווערטער, און האָט באַלד צוריקגעענטפערט:

— כ׳בעט איך: ווענדט זיך ניט צו מיר! כ׳בין שוין מער ניט קיין קינד. כ׳ווער אינגיכן פופצן יאָר אַלט, און כ׳ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט אַזאַ קינד ווי מעלווין.

— ווילי! ביסט אַ שלעכט אינגל! ס׳איז ניט שיין צו זיין אַזוי עגאָאיסטיש! — האָט די קראַנקנשוועסטער אים אויסגעמוסר׳ט.

— קוק נאָר אָן ווער ס׳רעדט! זאָג נאָר, אינגל: מ׳האָט דיר שוין געקויפט אַ פּאָר לאַנגע הויזן?

אָט די ווערטער האָבן אַ פּאָר חברים געלאָזט פאַלן קעגן זייער יונגן חבר, ווילי.

ווילי איז בלאַס און רויט געוואָרן. ער האָט פאַרשוויגן דאָס־מאָל און גאָרניט געענטפערט.

מעלווין האָט אָבער יענעם פרימאָרגן געפונען אַן אַנדער פריינד — זאָרינען, ווילי׳ס בעט־שכן.

זאָרין איז אַריין צו מעלווינען אין צימער, האָט אים ניט פאַר־וואָרפן מיט קיין פראַגעס און ניט פאַרפירט מיט אים קיין שמועס. ער האָט אים נאָר באַוויזן עטלעכע קונצן מיט קאָרטן, וואָס האָבן ביי מעלווינען שטאַרק אויסגענומען. זאָרין האָט מיט אים אויך געשפילט אין דאָמינאָ, וואָס ער האָט אַריינגעבראַכט אין מעלווינ׳ס צימער און דאָרט עס איבערגעלאָזט.

אַזוי האָט זיך דער דרייסיק־יאָריקער זאָרין דערנעענטערט צו מעלווינען ווי אַן עלטערער ברודער, האָט פאַרטריבן זיינע אומעטיקע געדאַנקען, אים פאַרווילט און ניט געלאָזט זאָרגן.

***

נאָכמיטאָג איז דער הויפּט־דאָקטאָר געקומען באַזוכן דעם קליינעם פּאַציענט. נאָכדעם ווי ער האָט אים גוט אונטערזוכט, האָט דער דאָקטאָר דערלויבט מעלווינען אַרומצוגיין.

אַ ביסל שעמעוודיק איז מעלווין אַריינגעגאַנגען אין וואָרד, וואו

ס׳געפינט זיך זיין נייער גוטער פריינד, זאָרין, און האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף זיין בעט.

מעלווינ׳ס זוכנדיקע אויגן האָבן זיך גלייך אָפּגעשטעלט אויף ווילי׳ס פּנים. אַ שטראַל פון פרייד האָט זיך אין זיי באַוויזן. מעלווין האָט ווילין באַטראַכט ווי איינער זאָגט: „אַזאַ איינעם זוך איך דאָך!״

ווילי האָט גוט געפילט מעלווינ׳ס אָנוועזנהייט און באַמערקט זיינע בעטנדיקע בליקן. ער האָט אָבער זיינע אויגן טיפער אַריינגעטאָן אין זשורנאַל, וואָס ער האָט געלייענט, ווי געוואָלט זיך אויסבאַהאַלטן פון דעם קליינעם מעלווינען. מעלווין האָט זיך צוגערוקט צו זיין בעט און געפּרואווט פאַרפירן מיט אים אַ שמועס. ווילי האָט אים אָבער מיט זיין קאַלטן ענטפער פון זיך דערווייטערט.

מעלווין האָט זיך צוריקגעקערט צו זאָרינ׳ס בעט. זיי האָבן ביידע געשפּילט אין קאָרטן.

כאָטש מעלווין האָט זיך געפילט געטראָפן פון ווילי׳ס קאַלטע באַציאונג, האָט ער כסדר געוואָרפן בליקן אין זיין זייט.

***

שוין אָנדערהאַלבן יאָר אַז ווילי געפינט זיך אין רעכטן פליגלוואָרד.

ווען ער איז אַהין אַריינגעבראַכט געוואָרן, אַ דרייצן־יאָריקער, האָט ער נאָך אין זיך געהאַט אַ סך קינדערישע זיטן און גאַנגען. די דערוואַקסענע חולאים האָבן אויך געפילט אַז אַ אינגל געפינט זיך צווישן זיי. ווען זיי האָבן צווישן זיך דערציילט עראָטישע מעשיות, פלעגן זיי אָפט אָפּהאַקן אין ריידן, און אַ וואונק טאָן אויף ווילין. ביסלעכווייז האָבן זיי זיך צוגעוואוינט צו אים און זיך ניט געשטערט מער.

ווילי איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אין דער סודות־וועלט פון די דערוואַקסענע.

תחילת האָט ווילי ניט געוואַגט זיך באַטייליקן אין די שמועסן

וועגן ליבע און מיידלעך, אָדער אפילו בלויז אַריינשטעלן אַ באַ־מערקונג. ער האָט מורא געהאַט טאָמער וועט מען פון אים, דעם ניט־דערוואַקסענעם, אָפּלאַכן. אָבער נאָכדעם ווי ווילי האָט אַ פּאָר מאָל געפּרואווט מיטהאַלטן מיט די שמועסער, און אפילו דערציילט עטלעכע געהערטע פּיקאַנטע וויצן, און די דערוואַקסענע חברים האָבן אויף דעם באַמערקט: „זעט נאָר! דער קליינער פאַרשטייט אַן עסק ווי אַ גרויסער!" — האָט ווילי דאָס אָנגענומען פאַר אַ סימן, אַז זיי באַטראַכטן אים ווי זייער גלייכן. פון דעמאָלט אָן האָט זיך ווילי באַטייליקט אין אַלץ ווי אַ גרויסער — ווי אַ גלייכער מיטגליד פון דער חברה, און די שמועסן זיינען ווידער אָנגעגאַנגען פּליסיק און פּעפּערדיק.

דורכן יאָר און אַ האַלב איז ווילי שטאַרק אויסגעוואַקסן, און רייף געוואָרן. דאָס אינגלשע קול זיינס, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין ברעכן און בייטן, אַמאָל זיך געלאָזט הערן ווי אַ קריי פון אַ יונג הענדל, און אַמאָל ווי אַ ברום פון אַ באַנדורע, און דערמיט ניט איינמאָל אַרויסגערופן געלעכטער ביי די עלטערע חברים, — האָט זיך איינגעשטעלט, איז געוואָרן אַ מענעריש קול, אַ זיסער טענאָר.

ווילי האָט זיך געקויפט אַ גאָלמעסער, אַ „זשילעט", און אָנגעהויבן ראַזירן דעם דין־פּעדערדיקן אָנוואוקס אויף זיינע באַקן. ער האָט זיך איבערגענומען מיטן „זשילעט" און געהאַלטן אין איין אַרומשפּילן זיך מיט אים.

אויפן קאָפּ האָט ווילי אַרויפגעזעצט וואויל־יונגעריש אַ ווייס מאַטראָזן היטל, און איז געוואָרן איינער פון דער חברה, וואָס ריידן זיך דורך מיט די מיידלעך פון צווייטן גאָרן. ער האָט אפילו זיך אָפּגעזוכט אַ מיידל, אַ שטענדיקע מיטשמועסערין, אַ „סוויטהאַרט", און איז געוואָרן אַ ריכטיקער „וועראַנדע־שטייער" מיט אַלע פּיטשעווקעס.

אין זיין אָפּגעצערט פּנים, און באַזונדערס אין זיינע שוואַרצע אויגן, איז נאָך אָבער פאַרבליבן דער אויסדרוק פון האַלב־אינגל,

האַלב־בחור. האָט ווילי, דעריבער, ניט געוואָלט זיך צולאָזן צו מעלווינען.

כאָטש פון דער נאַטור אַ גוטער, און אַ צוגעלאָזענער צו מענטשן, האָט ווילין זייער ניט געשמעקט דאָס, וואָס מעלווין וויל זיך מיט אים חבר'ן.

ער האָט אין מעלווינען געזען איינעם, וואָס דערמאָנט אים די „זינד" פון זיין אייגענער יונגער „עלטער", וואָס די גרויסע חברים האָבן שוין געהאַט פאַרגעסן.

דערפאַר האָט ווילי דערשפּירט אַן אמת'ע דערלייכטערונג, ווען דער קליינער חבר, מעלווין, איז אַרויס פונ'ם וואָרד.



# 45. מעלווין אין דער געזעלשאַפט פון זיינע פריינט

— „פּרינץ" פון מעלבוירן", וואו ביסטו דאָרט?

— אָט דאָ בין איך „פּוילאַק". כ'וועל באַלד צוקומען.

— וואָס איז דאָרט מיט דיר געשען, דו „סלעקער", וואָס דו פאַרזאַמסט זיך אַזוי? האָסט גאָר פאַרגעסן אַז דו דאַרפסט אַראָפּלאָזן דעם צוקאָפּנס פון מיין בעט?

— כ'וועל נאָר אָפּעסן, וועל איך דיר קומען זען, „זעקל־ביינער" — דו איינער!

— ביסט דאָך מיין „פּעל"! (חבר) און ס'איז זייער ניט אָרנטלעך פאַר אַ געטרייען חבר, זיך מאַכן ניט־וויסנדיק וועגן זיין פריינד, וואָס בויטיקט זיך אין זיין הילף.

אַזאַ מין געשפּרעך הערט זיך דריי מאָל אַ טאָג, נאָכן עסן, צווישן סמיטן און דעם קליינעם מעלווין.

סמיט, מעלווינ'ס צווייטער פריינד, איז אַ חולה, וואָס קעמפט מיט דער ביטערער ט. ב. קראַנקייט, שוין היפּשע עטלעכע יאָר. ער

איז שוין געלעגן אין אייניקע שפיטא̇לן, און איז „א̇ מענטש מיט דערפא̇רונג". ער ווייס ווי אומצוגיין מיט מענטשן און ווי א̇זוי צופא̇סן זיך אפילו צו די ערגסטע אומשטענדן. מיט אייניקע טעג צוריק איז ער א̇פּערירט געווא̇רן צום צווייטן מא̇ל. ער איז נא̇ך שווא̇ך און נויטיקט זיך אין הילף.

אין דעם קליינעם מעלווין, וווא̇ס זוכט שטענדיק עפּעס ווא̇ס צו טא̇ן, מיט ווא̇ס זיך צו פא̇רנעמען, הא̇ט סמיט געפונען א̇ יונגן, איבערגעבענעם חבר.

מעלווין הא̇ט ליב א̇רויסצוהעלפן און בא̇דינען די שווא̇כערע חברים. ער פילט זיך דא̇ן ווי א̇ דערווא̇קסענער, א̇ נוצלעכער מיט־גליד פון דער געזעלשא̇פט.

סמיט הא̇ט ביי מעלווינען בא̇זונדערס אויסגענומען מיט זיינע שפּא̇סיקע גענג און מיט די צונעמענישן מיט וועלכע ער בא̇טיטלט אים. יעדן טא̇ג טרא̇כט סמיט צו פא̇ר אים עפּעס א̇ ספּעציעלן נא̇מען. אויסער די נעמען „פּרינץ פון מעלבוירן", „סלעקער", „וועווריקל", „פּיסטא̇שקע", רופט ער מעלווינען א̇פטמא̇ל אויך: „פּא̇סטער" — א̇ן א̇נצוהערעניש אויף דעם, ווא̇ס מעלווין הא̇ט גא̇ר־ניט פיינט דא̇ס עסן, און קען די מלאכה. פא̇ר יעדן מא̇לצייט שטעלט זיך מעלווין לעבן זיין צימער אין קא̇רידא̇ר און ווא̇רט־א̇פּ די נוירס, ווען זי טרא̇גט א̇רום די טא̇ץ מיט ברויט. מעלווין וויל זיין זיכער, א̇ז די נוירס וועט פא̇ר אים איבערלא̇זן די געהעריקע פּא̇רציע ברויט, ווא̇ס ער הא̇ט א̇פּגעמא̇כט מיט איר, זי זא̇ל אים געבן צו יעדן מא̇לצייט: פיר רעפטלעך ברויט, ניט ווייניקער.

אין איין פרימא̇רגן הא̇ט סמיט דערזען א̇ז מעלווין טרא̇גט א̇ פּא̇ר ברייטע, ביז די פּיא̇טעס לא̇נגע, העל־קא̇לירטע הייזן, הא̇ט ער אים בא̇לד א̇ נא̇מען געגעבן: „דער פרא̇נט מיט די הייזן".

א̇ט דער צונא̇מען הא̇ט א̇זוי שטא̇רק אויסגענומען, א̇ז א̇לע חברים הא̇בן א̇נגעהויבן א̇זוי צו רופן מעלווינען. מא̇נוס, איינער פון די קרא̇נקע חברים, הא̇ט פא̇רקירצט דעם לא̇נגן צונא̇מען און ער רופט מעלווינען, א̇ביסל אונטערפא̇נפענדיק: „פרא̇נט".

מעלווין אַליין האָט שטאַרק הנאה פון אָט דעם שפּאָגל־נייעם נאָמען. ווען ער טרעפט אָן מאַנוסן, פאַרכאַפּט ער אין פּאַרויס, און נאָכמאַכנדיק מאַנוסעס פּאָנפעוואַטן קול, גיט ער אַ זאָג: „וואָס מאַכט מען עפּעס, פּראַנט ?"

פאַר די דריי וואָכן וואָס מעלווין געפינט זיך אין דעם כּירור־גישן אָפּטייל, איז ער געוואָרן דער ליבלינג פון די חברים. איבער־הויפּט איז ער שטאַרק באַליבט ביי זיין דריטן פריינד, ביי מאַרטינען.

מאַרטין, אַ נעגער פון אַ יאָר איין־און־צוואַנציק, איז זייער אַ תמימות׳דיקער און אַ גוטהאַרציקער. פון נאַטור — אַ שווייגער. ווען ער גייט אַריין אין וואַשצימער און ער דאַרף וואַרטן ביז ס׳ווערט פריי אַ פּלאַץ ביים וואַשטישל, זעצט ער זיך צו אויף אַ ברעג פון איינעם פון די שטולן. מאַרטין ציט איינגאַנצן איין זיין דאַרן קערפּער, ווערט ווי איינגעשרומפּן, ווי ער וואָלט געוואָלט מבטל־זיין זיין גאַנצן וועזן. זיין קול הערט מען ניט. בלויז די גרויסע שוואַרצאַפּלען שמייכלען אַרויס אַזוי קינדיש פון די ווייסלען און דערציילן, אַז מאַרטין איז דאָ.

פון גרויס ליבשאַפט צום קליינעם מעלווין, איז ער געוואָרן ווי צוגעקלעפּט צו אים. מעלווין האָט מאַרטינען אויך ליב באַקומען.

צוויי־דריי מאָל אַ טאָג גייט מעלווין אַריין אין מאַרטינ׳ס באַזונדער צימערל, און לייגט זיך צו לעבן אים. זיי לייענען צוזאַמען אַ קינדער־דערציילונג, אָדער דערציילן איינער דעם אַנדערן וואונ־דער־מעשיות. אַמאָל פאַרהערן זיי זיך אין אויסלייגן שווערע ווער־טער. זיי גיבן זיך אָפּ צוזאַמען מיט צונויפשטעלן בילדער פון שטיקלעך קאַרטאָן. ווען איינער פון זיי מאַכט אַ טעות, אָדער טרעפט עפּעס ניט צו, לאַכן זיי זיך ביידע פונאַנדער, און דער קאָרידאָר ווערט פול מיט אַ פריילעך־קינדיש געלעכטער, וואָס הערט זיך ווי אַ ביס־געקייקל.

מעלווין געדענקט אָבער, אַז זיין פריינד זאַרין האָט אים שטאַרק מקרב געווען אין די ערשטע טעג, איז ער געבליבן צו אים זייער צוגעבונדן.

זאָרין באַנעמט זיך מיט מעלווינען ווי אַן עלטערער ברודער, ווי אַ גוטער פעטער.

יעדן פרימאָרגן גייט זאָרין אַרויס מיט מעלווינען אויף אַ שפּאַציר אַרום דער שפּיטאָל־געביידע. זיי באַקוקן די גרינע קוסטעס און די בלומען, וואָס וואַקסן ביים פּלויט, און קווען אַן פון די וועווריקלעך, וואָס טאַנצן אַרויף און אַראָפּ איבער די ביימער.

מעלווין האָט זייער ליב צו באַאָבאַכטן די שפּינען־נעצן אין די קאַרניזן פון די געמויערטע זיילן, וואָס האַלטן אונטער דעם בנין. דער גוטער, ווייכהאַרציקער זאָרין כאַפּט פליגן און וואַרפט זיי אַריין אין די שפּינוועבס, כדי צו פאַרשאַפן הנאה מעלווינען. מעלווין האָט ליב צו זען ווי די פליגן קעמפן נעבעך פאַר זייער אָרים שטיקל לעבן, ווען זיי פּלאָנטערן זיך אין די שפּין־נעצן, אָדער צאַפּלען זיך אין די לאַנגע, קרומע פיסלעך פון דער מיאוסער, שרעקלעכער שפּין.

זאָרין גיט אויך אַכטונג אויף מעלווינ׳ס אָנטואַכץ. מעלווין איז אַ יתום, אָן אַ טאַטן. די מאַמע זיינע, די אלמנה, אַרבעט שווער אויף דעם אָרימען שטיקל חיונה פאַר זיך און אירע קלענערע קינדער. קען זי זיך ניט פאַרגינען פאַר איר מעלווינען אַ לייטיש מלבוש.

אַז זאָרין האָט באַמערקט אַז מעלווינס שטעק־שיך זענען צעריסן, און די פינגער זיינע שטעקן אַרויס פון די לעכער, האָט ער אים אָוועקגעגעבן זיינע ווייסע, לעדערנע שיך.

אמת, זאָרינ׳ס שיך זענען אַ היפּש־ביסל צו גרויס פאַר מעלווינ׳ס פיסלעך; אָבער מעלווין קוועלט פון זיי אָן.

„דער פראַנט" לויפט אַרום איבער די קאָרידאָרן, שליאָמבערט מיט די גרויסע שיך; האַלט אונטער מיט די הענט זיינע ברייטע, לאַנגע העל־קאָלירטע הייזן, און זינגט אויס הויך אויפן קול דעם סוף פון דעם פאָלקס־ליד, וואָס ער האָט אַמאָל געהערט אויף דער ראַדיאָ:

„היי סעם! האָסט געמאַכט מיינע הייזן אַזוי לאַ...נ...ג!"



ש ל מ ה  ד מ ש ק

# 46. ווילי ווערט פריינט מיט מעלווינען

ווילי, וואָס פריער איז אים ניט געווען צום האַרצן דאָס וואָס מעלווין וויל זיך מיט אים חבר'ן, האָט זיך שפּעטער אַליין אָנגעהויבן דערנענטערן צו זיין קליינעם חבר. געטאָן האָט ער עס באַלד ווי ער האָט איינגעזען, אַז מעלווין האָט זיך געשאַפן פריינט צווישן די דערוואַקסענע, און ער שטערט אים, ווילין, מיט גאָרניט, און שטייט אים ניט אין וועג.

נאָך אַלעמען האָט נאָך ווילי אַליין אויך אין זיך איינגעלשע זיטן. פּונקט ווי מעלווין האָט ווילי אויך ליב אַריינצוזעצן זיך אין רעדל־שטול, זיך דרייען מיט אים אין קרייזן ביז קאָפּ־שווינדל. פּונקט ווי מעלווין האָט ער ליב צו לייענען די „פאַניס" און די „קאָמיקס" פון די זונטיקדיקע בלעטער; און ווי דער קליינער מעלווין הערט זיך ווילי שטענדיק צו צו די גבורות פון „סופּערמען" אויף דער ראַדיאָ, און וועט ניט דורכלאָזן אַ פּראָגראַם וועגן די וואונדער פון באַרימטן פערד „סילווער".

פיל האָט מיטגעהאָלפן צו דער דערנענטערונג צווישן ווילין און מעלווינען זייער געמיינזאַמע ליבשאַפט און צוגעבונדנקייט צו „דיקן".

„דיק" איז דער גוט־באַוואוסטער וועווריק, וואָס איז באַליבט ביי אַלע חולאים פון אונדזער געביידע צוליב זיין קלוגשאַפט און געשיקטקייט.

דיק בלאַזאַני, איינער פון די קראַנקע, אַן איטאַליענער, אַ שערער ביים פאַך, האָט דאָס מקרב־געווען דעם וועווריק, און אים „געמאַכט פאַר אַ גאַנצן מענטש".

יעדן פרימאָרגן, באַלד נאָך פרישטיק, איז וועווריקל געקומען אָפּשטאַטן אַ וויזיט צו דיקן. מיט אַ שטוינענדיקער פלינקייט ארויפגעשפּרונגען צו אים אויפן בעט און פון דאָרט צו דעם אָפענעם טיש־קעסטל, וואו בלאַזאַני האָט געהאַלטן פאַר אים צוגעגרייט אַ קעסטל מיט ניס. באַלד ווי דיק בלאַזאַני האָט אַן עפן געטאָן

דאָס קעסטל האָט דער וועווריק שוין אַ כאַפּ געטאָן אַ נוס, עס צעקנאַקט און אָפּגעשיילט מיט גרויס געשיקטקייט.

אַז וועווריק איז פאַרטיק געוואָרן מיטן פרישטיק, פלעגט ער אַ כאַפּ טאָן אַ נוס און ניט ווערן. האָט עס פאַרגראָבן אונטער איינעם פון די קוסטעס און געקומען תיכף נעמען נאָך איינעם אויף צו באַהאַלטן — אַ גאַנצער בעל־תכלית.

אָפּטמאָל האָט דיק דעם וועוויריקס פרישטיק פאַרוואַנדלט אין אַ פאַרווײַלונג־ספּעקטאַקל פאַר אַלע חברים פון וואָרד. ער האָט דאַן אַוועקגעלייגט איינעם פון די ניס ביי זיך אויפן אַקסל און אויסגעשטרעקט זיין האַנט. דער וועווריק איז דאַן אַרויפגעשפּרונגען אויף דיק׳ס אויסגעשטרעקטן אָרעם, ווי אויף אַ צווייג פון אַ בוים, פון דאָרט נאָך אַ שפּרונג, זיך גאַנץ באַקוועם אַוועקגעזעצט אויף דיק׳ס אַקסל, אויסדרייענדיק דעם עק ווי אַ בייגל, און געפּראַוועט אויבנאָן זיין סעודה.

אַמאָל פלעגט דיק פאַרמאַכן דעם וועוויריק אין טיש־קעסטל, ווען ער איז אַריינגעשפּרונגען אַהין כאַפּן ניס, און ווען די נוירס איז צוגעגאַנגען מאַכן דיק׳ס בעט, פלעגט דיק אַן עפן טאָן דאָס טיש־קעסטל און דער וועוויריק איז אַרויסגעשפּרונגען אויפן בעט און איבערגעשראָקן די נוירס, וואָס האָט פאַר אים שטאַרק מורא.

דער וועוויריק איז געוואָרן צוגעבונדן צו דיקן און איז אים נאָכגעלאָפן וואו ער איז געגאַנגען.

תהילת האָבן די חברים גערופן דעם וועוויריק: „דיק׳ס שפּיל־קינד". נאָכדעם: „דיק דזשוניאָר", ס׳מיינט: דער יונגער דיק. ביסלעכווייז האָבן זיי אים גענומען רופן פשוט „דיק" אויפן נאָמען פון זיין שפּייזער. דער נאָמען האָט זיך צום וועוויריק אַזוי צוגע־קלעפּט, אַז דיק בלאַזאַני האָט אים אַליין שוין אויך אַזוי גערופן.

איז אָבער געקומען דער טאָג ווען בלאַזאַני איז באַפרייט געוואָרן. מיט מזל אַהיים געגאַנגען, און דער וועוויריק איז נעבעך געבליבן אַ „יתום".

טאָג נאָך טאָג פלעגט דער וועוויריק קומען, ווי זיין שטייגער,

באַזוכן בלאַזאַני׳ס בעט. אַרויפשפרינגען פון בעט אויפן טיש, גראַבלען און גראַבלען דאָס טיש־קעסטל, און נאָכדעם אַרומלויפן, אַרומשפרינגען אַן אומעטיקער פון בעט צו בעט, פון וואָרד צו וואָרד, און זוכן זיין גוטן פריינד.

ווילי און מעלווין, וואָס זענען תמיד געווען פון די הויפט־מחותנים ביי די וועווריק־ספעקטאַקלען, צוגעזען די קונצן וואָס בלאַ־זאַני פראַוועט מיטן וועווריק, האָבן מיטגעטרויערט מיט „דיקן״ אויף דעם וואָס בלאַזאַני האָט פאַרלאָזט דעם שפּיטאָל.

דער חולה זאָרין האָט שטאַרק מיטגעפילט מיטן „יתום״ און מיט דעם צער פון די צוויי אינגלעך, ווילי און מעלווין, וועמען ער האָט זייער ליב. האָט זאָרין גענומען פילנעווען „דיקן״ מיט כלערליי ניס און פיסטאַשקעס, וואָס זיין מוטער ברענגט פאַר אים שטענדיק, ווען זי קומט אים באַזוכן.

ס׳זענען אַריבער עטלעכע טעג, און „דיק״ האָט זיך געלאָזט טרייסטן פון זיין נייעם פריינד — זאָרין. האָט אָנגעהויבן פראַווען מיט אים די זעלביקע קונצן, וואָס פריער מיט בלאַזאַנין.

זאָרין טיילט זיין נחת־רוח מיט זיינע יונגע חברים, ווילי און מעלווין. גיט זיי די ניס, זיי זאָלן שפּייזן דעם וועווריק אויף זייער שטייגער.

קיין סוף נעמט ניט צום הילכיקן, שטיפערישן געלעכטער פון די צוויי ווייסע־חברה׳ניקעס, ווען עס געלינגט זיי צו מאַכן „דיקן״ כאַפּן די ניסלעך ביי זיי פון די שפּיצן פינגער און פון זייערע קעפּ.

אמת, ניט איינמאָל קומען זיי אַרויס פון דעם שפּיל מיט צעדראַפּעטע הענט און פּנימ׳ער, אָבער זיי נעמען אַלץ אָן פאַר גוט, און מיט גרויס פרייד.

אַז ווילי און מעלווין זענען געוואָרן גוטע פריינט, האָט דער קליינער חבר גענומען נאָכטאָן דעם עלטערן אין אַלץ: נאָכמאַכן אפילו דעם אופן פון ווילי׳ס ריידן און גאַנג.

ווי ווילי האָט אויך דער קליינער מעלווין גענומען ווערן אַ „ווערראַנדע־שטייער״, אַ פאַרברענגער מיט די מיידלעך.

עטלעכע פון די אינגערע מיידלעך, וואָס האָבן ליב אַ שטיף־טאָן, טרייבן קאַטאָוועס, ענטפערן אָפּ אויף דעם קליינעם מעלווינ׳ס ליבע־פלאַפּלערייען, און ער נעמט זיך מיט דעם שטאַרק איבער.

אַנטקעגן אָוונט, אַז ווילי גייט אַריין זיך אַרומוואַשן אין באָד־צימער הינטערן פּאַרהאַנג, קומט באַלד אַהין צולויפן אויך מעלווין.

דאָרט אין באַהעלטעניש, הינטערן פּאַרהאַנג, אַנטפּלעקן זיי איינער דעם צווייטן די סודות פון ליבע.



## .47 "CUTE" („קיוט״ — חנ׳עוודיק)

מיט עטלעכע טעג צוריק איז געשען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אויף אַ ווײַלע פאַרשאַפט האַרצווייטיק און באַליידיקונג דעם קליינעם מעלווין, און שפּאַס און פאַרגעניגן דער קראַנקנשוועסטער און אַ טייל פון די חברים.

באַרט, איינער פון די אַלט־איינגעזעסענע חברים אין רעכטן פליגל־וואָרד, — אַ גוט־האַרציקער, אָבער אַ גרויסער שפּאַס־מאַכער — האָט באַקומען אַ דערלויבעניש צו גיין אַהיים אויף צוויי טעג, באַזוכן זיינע פריינט.

אָט דער באַרט האָט אַ געליבטע, אַ שיין מיידל, אין וואָרד אויפן צווייטן גאָרן. זי איז זיין שטענדיקע מיט־שמועסערין.

ווען דער קליינער מעלווין האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין אויף דער וועראַנדע, ווערן מיט לייטן גליידך, האָט באַרט אים פאַרגעשטעלט פאַר זיין געליבטער. העלען האָט מיט אים געשמועסט עטלעכע מינוט און אים גערופן מיט ליבהאַרציקע נעמען. מעלווין האָט זיך ממש געפרעגלט אין נחת.

איידער באַרט איז אַוועק באַזוכן זיינע עלטערן, האָט ער זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט ווילין און מעלווינען אין וואַשצימער. באַרט, דער וויצלער, האָט זיך געווענדט צו מעלווינען אין אַ גאָר ערנסטן

טאָן: „איך גיי אַוועק אויף צוויי טעג, און דו, מעלווין, ביסט דאָך מיר אַן איבערגעגעבענער פריינד, בעט איך דיר, זאָלסט האַלטן אַן אויג אויף אָט דעם שוואַרצן וואָלף, אויף ווילין, און אַכטונג געבן ער זאָל פון מיר ניט אָפּריידן מיין געליבטע. בלויז דו, מעלווין, האָסט אַ רעכט צו שמועסן מיט העלען די פּאָר טעג, וואָס איך וועל זיין אַוועק".

שפּעטער, ווען זיי זענען צוזאַמען אַרויס אויף דער וועראַנדע, האָט באַרט אַ רוף געטאָן זיין געליבטע, אַ וואונק געטאָן צו איר מיט אַן אויג און געזאָגט: „זיי אַן אָרנטלעך מיידל, העלען! זאָלסט וויסן, אַז אָט דער פריינד מיינער, מעלווין, וועט דאָ אויף דיר אַכטונג געבן, ווען איך וועל ניט זיין".

מעלווין האָט מיט גרויס געטריישאַפט דערפילט זיין מיסיע אַלס משגיח און שטעלפאַרטרעטער.

ווי נאָר ווילי פלעגט אַרויסגיין אויף דער וועראַנדע, איז מעלווין אויך באַלד אַרויסגעקומען, אַ פייף געטאָן צו באַרט'ס געליבטע און גענומען שמועסן מיט איר.

ריידנדיק מיט העלען, פלעגט מעלווין זיך באַנוצן מיט די זעלבע ליבע־נעמען, וואָס ער האָט ניט איינמאָל געהערט פון באַרטן איר אָנרופן.

ווען באַרט איז צוריקגעקומען, האָט ער אַ שמועס געטאָן מיט זיין געליבטער. ער איז אַריין אין וואָרד, אָנגעטראָפן מעלווינען און צו אים אַ זאָג געטאָן:

— אַ פיינער יונגערמאַן ביסטו, מעלווין! אָט אַזוי באַגייט מען זיך מיט אַ גוטן פריינד? כ'האָב דיך דאָ איבערגעלאָזט אַכטונג צו געבן אויף מיין געליבטער, צום סוף האָסטו אַליין זי אַוועקגענומען פון מיר מיט דיינע זיסינקע ריידעלעך. וואַרט נאָר! ס'וועט דיר ניט פאַרשוויגן ווערן, קליינער טייוול!

מעלווין, וואָס האָט אַליין ליב אַ שפּאַס צו טאָן, האָט זיך דאָס מאָל שטאַרק באַליידיקט פון באַרטס ווערטער. ער איז שנעל אַרויס פון וואָרד און אַוועק צו זיך אין צימער.

ער איז פון דאָרט ניט אַרויסגעקומען אפילו פאַרן עסן, ווי זיין שטייגער איז, כדי צו שטעלן זיך אין קאָרידאָר און אָפּוואַרטן די נוירס ווען זי טראָגט דאָס ברויט.

איז די נוירס אַריין צו אים אין צימער, און האָט אים געפונען אַ וויינענדיקן. זי האָט אים אַ פרעג געטאָן: „וואָס וויינסטו, ליבער מעלווין?"

מעלווין האָט מיט טרערן געענטפערט: „באַרט האָט מיך שרעקלעך באַליידיקט. ער האָט חושד געווען מיך, זיין גוטן פריינד, אַז איך האָב פון אים אַוועקגענומען זיין מיידל מיט ליבשאַפט־רייד. איז עס מיין שולד, אַז העלען האָט מיך אויך ליב?!"

אָט די ווערטער מעלווינס האָבן ביי דער נוירס אַרויסגערופן אַ הילכיקן געלעכטער. זי האָט זיך פון צימער אַרויסגעכאַפּט לאַכנ־דיק און אויסשרייענדיק: „איטס סאָ קיוט!" ווי חנ'עווודיק־שפּאַסיק דאָס איז! כ'מוז עס אַלעמען דערציילן, זאָלן זיי הערן און אויך אָנקוועלן".

קודם־כל האָט זי עס דערציילט באַרט'ן אַליין. נאָכדעם האָט זי דאָס איבערגע'חזר'ט צו יעדן איינעם, וואָס איז נאָר אַנטקעגן געקומען.

ס'איז די חברים אָנגעקומען שווער צו איבערצייגן מעלווינען, אַז באַרט האָט בלויז געשפּאַסט; אַז ס'האָט גאָר באַרטן ניט געקענט איינפאַלן חושד צו זיין אים, זיין געטרייען גוטן פריינד, אין אַזאַ זאַך.

די צוויי גוטע פריינט האָבן זיך איבערגעבעטן און שלום גע־מאַכט צווישן זיך.

אָבער די נוירס האָט אַ גאַנצן טאָג ניט אויפגעהערט איבער־צודערציילן די מעשה, און יעדעס מאָל צוגעגעבן:

— ס'איז דאָך אַזוי „קיוט!" אַזוי האַרציק־חנ'עווודיק!



# 48. „סופּערמען״

„ביסט טאַקי אַן אמת׳ער העלד!״

— מיט די ווערטער האָט סמיט מקבל־פּנים געווען דעם קליינעם מעלווין, ווען ער איז דעם צענטן טאָג נאָך דער אָפּעראַציע אַראָפּ פון בעט. סמיט האָט מעלווינען צוגעגעבן אין יענעם טאָג צוויי נייע צונעמען: „טאַרזאַן״ און „סופּערמען״.

די צוויי נעמען, ווי דער פריערדיקער, „דער פּראַנט מיט די הייזן״, זענען באַלד געוואָרן פּאָפּולער און אָנגענומען אין אַלע וואָרדס.

ניט בלויז מעלווינ׳ס צווייטער פריינד, סמיט, נאָר אַלע חברים־קראַנקע האָבן באַוואונדערט דעם כוח און דעם גייסט פון זייער יונגען חבר, און זענען געווען איבערגליקלעך מיט מעלווינ׳ס שנעלער דערהאָלונג.

אמת, ס׳איז ניט צו פאַרגלייכן די פּאַמעלעכע דערהאָלונג פון אַן עלטערן קראַנקן צו דער פון אַ יונג אינגל; און די חברים האָבן אויך געוואוסט, אַז מעלווין איז ניט געטראָפן געוואָרן פון דער ט. ב. קראַנקייט, און האָט געמוזט דורכמאַכן די אָפּעראַציע צוליב גאָר אַן אַנדער זאַך — אַן אָנוואוקס אויף זיין לונג. אָבער די אָפּעראַציע איז דאָך פאָרט זייער אַן אויסערגעוויינטלעכע, אַ שווערע און אַ מסוכנ׳ע. דעריבער איז טאַקי אַזוי גרויס געווען זייער באַוואונדערונג און שמחה, ווען זיי האָבן געזען אַז זייער קליינער חבר ווערט קרעפּטיקער און פילט זיך בעסער פון טאָג צו טאָג. די חברים האָבן געפונען אין מעלווינ׳ס גיכער היילונג אַ באַלוינונג פאַר דעם טיפן צער, וואָס זיי האָבן געהאַט ערב זיין אָפּעראַציע.

***

פונ׳ם טאָג ווען מ׳האָט מעלווינען געבראַכט פון קינדערהיים, ביז דעם טאָג פון דער אָפּעראַציע, זענען אַריבער זעקס וואָכן. אין קערפּער־געוויכט האָט ער געוואונען צוועלף פונט. געוואָרן גרויס און דיקלעך, אַ יונג מיט ביינער.

ערב דער אָפּעראַציע האָט זיך מעלווין צוגעגרייט ווי איינער פון די דערוואַקסענע „אַרויפגייער". עס האָט זיך אפילו געפילט אין זיין האַלטונג אַ געוויסע האָפערדיקייט, ווי איינער זאָגט: „איך שטיי אין קיין זאַך ניט אָפּ פון די גרויסע; מיין גורל איז ווי דער גורל פון אַלע חברים דאָ אין די וואָרדס, און מאָרגן גיי איך אַרויף".

מעלווין האָט דעמאָלט ניט געוואוסט, פונקט ווי ער ווייס נאָך היינט ניט, וואָס פאַר אַ מין אָפּעראַציע די דאָקטוירים האָבן געהאַט באַשלאָסן דורכצופירן אויף זיין לונג. די „יודעי־חן" צווישן די חברים־קראַנקע האָבן זיך אָבער באַצייטנס געהאַט דערוואוסט, אַז דער בחור מעלווין מוז דורכמאַכן אַ־ביז־גאָר שווערע אָפּעראַציע. מ׳האָט זיך געשושקעט, אַז מ׳וועט ביי אים אויסשניידן אַ לעפּל פון די לונגען („לאָב אָוו דהי לאָנג").

אין פרימאָרגן פון יענעם גורל׳דיקן טאָג פאַר מעלווינען האָט זיך צעטראָגן אַ געמורמל צווישן די חברים, אַז די אָפּעראַציע איז „ביומאָנעקטאָמי": אַז מ׳וועט אויסשניידן איינע פון מעלווינ׳ס לונגען.

שטאַרק פאַרזיכטיק, אַז דער קליינער חבר זאָל זיך פון דעם ניט דערוויסן, האָט מען עס דערציילט פון מויל צום אויער.

אַ טרויער־וואָלקן האָט זיך איבער אַלעמען אַראָפּגעלאָזט. די חולאים זענען אַרומגעגאַנגען ווי מיטגלידער פון אַ משפחה, וואָס האָבן זיך אָקאָרשט דערוואוסט, אַז דער צושטאַנד פון זייער מיזיניק איז קריטיש, אַז ער מוז האָבן גרויס רחמים.

נאָענט צו דער שעה פון אָפּעראַציע האָט זיך מעלווינ׳ס שטי־מונג נעבעך שטאַרק געביטן. ער איז געוואָרן ביי זיך גאָר־גאָר געפאַלן. פון זיינע גרויסע, אַש־קאָלירדיקע אויגן האָט אַרויס־געקוקט טיפער אומעט. ער האָט זיך צעוויינט.

די דערוואַקסענע חברים, מעלווינ׳ס געטרייע פריינט, זענען אַריין צו אים אין צימער, און האָבן מיט פאַרשיידענע וויצן און שפּאַסן געפּרוווט פאַרטרייבן זיין זאָרג און מורא.

די געטרייע פריינט האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט מעלווינ׳ס לעצטע הכנות צו דער אָפּעראַציע. ווען מ׳האָט מעלווינען אָנגעטאָן

דאָס אָפּעראַציע־העמד און די וואָליקלעך, האָט סמיט אים געזאָגט, אַז אָט דער „זוט־סוט" קליידט אויסגעצייכנט דעם „פּרינץ פון מעלבוירן", און ער זעט אויס אין אים ווי אַ ריטער, וואָס פּאַר אים פּאַסט צו רייטן טאַקי נאָר אויפן פערד „סילווער".

ווילי, זאָרין און מאַרטין האָבן אַריינגעפירט דאָס שטופּ־בעטל און האָבן מעלווינען אַרויפגעלייגט און אים אַרויסגעפירט פון צימער.

אַלע חברים האָבן מעלווינען באַגלייט מיט ברכות: „מיר ווינטשן דיר מזל און הצלחה! מיר וואַרטן אויף דיין צוריקקום!"

זעקס שעה זענען אַריבער, אין אַן אויסגעצויגענער, פּיינלעכער דערוואַרטונג.

נאָכמיטאָג האָט מען מעלווינען צוריקגעבראַכט פון אָפּעראַציע־זאַל. ער איז געווען וואַך און אין אַ גוטער שטימונג. ווען מען האָט דאָס שטופּ־בעטל געפירט דורכן קאָרידאָר, צווישן די וואָרדס, האָט מעלווין צוגערופן צו די חברים: „העלאָו באָיס! וואָס מאַכט איר אַלע?"

**
*

דריי טעג האָט זיך מעלווין געפונען אין אָקסידזשען־ביידל. ס'איז שווער געווען אים איינצוהאַלטן דאָרטן. נאָך אינ'ם טאָג פון דער אָפּעראַציע, פאַרנאַכט־צו, האָט ער שוין אָנגעהויבן זיך בעטן מ'זאָל אים אַרויסנעמען פון ביידל. ער האָט געוויינט און איז צוגע־שטאַנען מיט רייד.

מיט גוטן און מיט בייזן איז אָנגעקומען אים איינצורייךן, ער זאָל ליגן רואיק, ער זאָל נישט וויינען און נישט אויפרעגן זיך.

די חברים פלעגן אָפּט אַריינקומען צו אים אין צימער, אונטער־האַלטן אים מיט רייד דורך די צעלאָפּיין פענצטערלעך, ער זאָל זיך ניט פילן איינזאַם אַזוי לאַנג ווי ער מוז ליגן אין אָקסידזשען־ביידל. יעדער חבר האָט עס געפילט פאַר אַ חוב, צו פרעגן דעם קליינעם מעלווין ווי ער פילט זיך, צוטראָגן און דערלאַנגען אים וואָס ער בעט. נאָר זיינע אָפּטסטע באַזוכער זענען, פאַרשטייט זיך, געווען זאָרין, ווילי, מאַרטין און סמיט.

אויפן פערטן טאָג, ווען מען האָט מעלווינען אַרויסגענומען פון אָקסידזשען־ביידל, האָט ער זיך באַלד אָנגעהויבן אויפזעצן אין בעט. עס האָבן ניט געהאָלפן די וואָרנונגען און דאָס בייזערן זיך. ער האָט ניט געקענט רואיק איינליגן. האָט אים דער ווייטיק שטאַרק אָנגעכאַפּט, פלעגט ער אַביסל אָפּוויינען און באַקלאָגן זיך: אוי, מיין פלייצע! מיין פלייצע!

ווען קיינער האָט אויף אים קיין אויג ניט געהאַלטן, פלעגט ער זיך באַלד אויפזעצן, אויסשטרעקן די הענט, ווי ער וואָלט וועלן אויספּרואוון זיין כוח. אויפן פינפטן טאָג נאָך דער אָפּעראַציע, האָט מעלווין געבעטן מ׳זאָל אים געבן לייענען די „פּאָניס״ און מ׳זאָל לעבן אים אַוועקשטעלן די ראַדיאָ.

ער האָט ניט אויפגעהערט בעטן די נוירסעס מיט כלערליי גוטע רייד, מיט ליבעס־נעמען, זיי זאָלן אים לאָזן אַראָפּגיין פון בעט.

דער דאָקטאָר האָט געמוזט נוצן האַרבע רייד צו ווירקן אויף אים, ער זאָל ליגן און רוען כאָטש נאָך עטלעכע טעג.

זיין צושטאַנד איז געוואָרן אַלץ בעסער און בעסער. אויפן צענטן טאָג האָט אים דער דאָקטאָר דערלויבט אַראָפּצוגיין אויף עטלעכע מינוטן און גיין אין וואַשצימער. פינף טעג שפּעטער איז שוין מעלווין אַרומגעגאַנגען איבער די וואָרדס און איבער די באַזונדערע צימערן.

מעלווין איז אַרויס אויף אַ פּאָר מינוט אויף דער וועראַנדע, האָט זיך מיט זיין געזונטער זייט אָנגעשפּאַרט אָן פּאַרענטש, און האָט אַ פייף געטאָן. העלען איז צוגעקומען צו איר פענצטער און אויסגעשריען:

— העלאָ „קיוטי!״ וואָס מאַכסטו עפּעס? מ׳דערציילט דאָך פון דיר גאַנצע וואונדער!

— הום! זאָג מיר נאָר, העלען, האָסט כאָטש געבענקט נאָך מיר? — האָט מעלווין געפרעגט און אַ וואונק געטאָן מיטן אויג.

— וואָס פאַר אַ פראַגע? זיכער האָב איך געבענקט!

— אויב אַזוי, ביסטו טאַקי אַ וואויל מיידל! זיי געזונט! מאָרגן וועלן מיר שמועסן מער.



***

דריי וואָכן נאָך דער אָפּעראַציע האָט דער הויפּט־דאָקטאָר פון דער כירורגישער אָפּטיילונג, געשטעלט מעלווינען פאַר דער קאָנ־פערענץ פון די כירורגן־ספּעציאַליסטן, מיט אַ פאָרשלאַג מ׳זאָל אים שיקן אַהיים.

מעלווינ׳ס שנעלע דערהאָלונג האָט פאַרשאַפט גרויס צופרידנ־קייט די דאָקטוירים־ספּעציאַליסטן. זיי האָבן אין אָט דעם דער־פאָלג געזען איינעם פון די וואונדער פון כירורגיע, און האָבן זיך איבערגענומען מיט דעם קליינעם מעלווין.

די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסן צו שיקן מעלווינען אַהיים אַ וואָך שפּעטער.

ווען מעלווין איז צוריקגעקומען פון קאָנפערענץ־זאַל און אַלע חברים האָבן אים אָפּגעגעבן אַ וואַרימען „מזל טוב!" האָט סמיט זיך אויפגעהויבן און געהאַלטן פאַר מעלווינען אַזאַ מין קורצע דרשה:

„מעגסט זיך פילן גליקלעך, „טאַרזאַן", וואָס די גאָט־פאַרדאַמטע אומפליי, די ט. ב. באַצילן, האָבן דיך נישט באַזיגט. זע נאָר זיך אָפּצוטראָגן פון דאַנען וואָס גיכער, ליבער ברודער! זיי צופרידן וואָס דו גייסט אַרויס בשלום. אמת, ניט מיט גאַנצע ביינער. אָבער דו קאָנסט און מעגסט זיך איבערנעמען, אַז דו ביסט דער אמת׳ער „סופּערמען". און געדענק, קינד, פאַרגעס נישט דיין גוטן פריינד, סמיטי".

▼

## 49. „וועלף"

**אַ גאַנצע** נאַכט האָט זיך טורין געמאַטערט אין אָקסידזשען־ביידל. זיינע יסורים זענען געווען אומגעהויער. ער האָט געשטיקט אין זיך זיינע קרעכצן און שלוכצן. פון צייט צו צייט נאָר האָט זיך פון ביידל דערטראָגן אַ זיפץ ווי אַ ברום פון אַ פאַרוואונדעטע חיה, און ס'האָט זיך דערהערט דאָס געקלאַנג פון גלעקל ווען ער האָט גערופן די קראַנקנשוועסטער.

אינדערפרי איז אַריין צו טורינען אין צימער זיין פריינד, מאַלוסאַן. דורך דעם צעלאָפיין פענצטערל האָט ער טורינען געפרעגט: ווי פילסטו זיך?

ווי ער וואָלט דערוואַרט די פראַגע, האָט טורין אויסגעגאָסן פאַר מאַלוסאַנען זיין גאַנץ ביטער האַרץ, מיט אָפטע אונטערבראָכן פון הוסטעניש:

— פרעג גאָרניט, מאַלוסאַן! איך באַקלאָג זיך ניט, חלילה, אויף מיינע ווייטיקן. כ'האָב פריער געוואוסט אַז נאָך דער אָפעראַציע וועלן קומען יסורים און כ'בין דערויף גרייט געווען. אויפן אָקסידזשען־ביידל, אָט אויף דער פאַרדאַמטער שטייג, שריי איך גוואַלד! צי ווייסטו, ברודער, וואָס עס מיינט צו זיין אָפּהענגיק אָן דעם חסד פון אַ צווייטן ביי יעדן זופּ וואַסער, בעת דער האַלדז איז אויסגעטרוקנט און אין מויל ברענט אַ פייער?! דער דאָקטאָר האָט מיך אַריינגעלייגט אין אָט דער פּאַסטקע בלויז אויף צוויי־דריי טעג. זענען שוין אַריבער — זעקס. די איינזאַמקייט איז נישט צום אַרי־בערטראָגן! ס'וועט זיין אַ נס, אַז כ'וועל נישט אַראָפּ פון זינען. איך, ווי אַ סעילסמאַן, בין געוואוינט צו זיין שטענדיק צווישן מענטשן. אַ שמועס, אַ וויץ, זענען ביי מיר ווי לופט צו אָטעמען. דאָס רויכערן — טייערער פון עסן. און דאָ ליג איך פאַרקלעמט אין ווייטיק, עלנט, איינזאַם. די מחשבות צעטראָגן דעם מוח. די איבערטראַכטענישן מאַטערן. אָ! ווען דו ווייסט, מאַלוסאַן, ווי שווער ס'איז מיר צו זיין דאָ איינגעשפּאַרט! אָבער כ'וואָלט אַלץ אָנגענומען פאַר גוט, ווען ניט די זאָרג וועגן מיין מאַמען, וואָס עגבערט מיר מיין מוח און לאָזט

מיך אַ מינוט ניט צו רו. היינט דאַרף מיין מאַמע קומען מיר באַזוכן. דו ווייסט דאָך! זי קומט יעדן דינסטיק. און אויב זי וועט מיך טרעפן אין אָט דעם מויזן־פּאַסטקע, וועט זי אַוועק׳חלש׳ן פאַר שרעק. כ׳האָב געבעטן מ׳זאָל מיך אַרויסנעמען כאָטש אויף דעם איינעם טאָג. האָב איך נאָך קיין ענטפער ניט. מ׳וואַרט אויפן דאָקטאָר. און אויב ער זאָל היינט פּרי ניט אַריינקומען, אָדער ער וועט ניט מסכים זיין אַרויסנעמען מיך, וועל איך בלייבן דאָ פאַרהאַקט, פאַר־שפּאַרט, צעפרעסן פון זאָרג.

טורינ׳ס ווערטער האָבן מאַלוסאָנען צעוויטיקט און דערדריקט. דאָס געפיל, אַז ער, מאַלוסאָן, איז מאַכטלאָז און קאָן ניט אַרויס־העלפן אַ חבר אין ליידן, האָט שווער געדריקט אויף זיין געמיט.

אָן אַ וואָרט איז מאַלוסאָן אַרויס פון צימער. זיינע פיס האָבן אים ווי פון זיך אַליין געבראַכט אין וואָרד וואו טורין איז געלעגן פאַר דער אָפּעראַציע.

ווען מאַלוסאָן איז אַהין אַריינגעקומען, האָט זיין אויער אויפגע־כאַפּט אַ שמועס פון חברים:

— אָט אַזוי האָט עס דער דאָקטאָר אַריינגעפּאַקט טורינען אין אָקסידזשען־ביידל! — האָט זשאַן גערעדט און געשמייכלט מיט אַ דריבנעם שמייכעלע, — אַריינגעפּאַקט, ניט צו אַרויסגיין. און היינט פאַרנאַכט וועט קומען זיין מיידל, און ער וועט אפילו ניט קאָנען זי אַ גלעט טאָן און צודריקן זיך צו איר, ווי אַלעמאָל.

— און זי וועט ניט קאָנען אים אַריינקוקן אין די אויגן און צערטלען זיינע געקרייזלטע האָר מיט אירע דינע, לאַנגע פינגער, — האָט צוגעלייגט זיינע ווערטער, פּאַוער.

— אויס מיט די ליובקעס! — האָט באַרק אַריינגעוואָרפן מיט אַן עקלדיקן שמייכל.

דאָס איז געווען ס׳ערשטע מאָל, אַז מאַלוסאָן האָט דערפילט אין די רייד פון חברים־קראַנקע אַ מין פרייד איבער אַ חבר׳ס אומגליק.

„ווי שטאַרק עס קען דער הונגער נאָך אַ פּרוי פאַרדאַרבן מענטשן!" — איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק.

מאַלוסאָן איז שנעל אַרויס פון וואָרד. פון זיין מויל האָט זיך אַרויסגעכאַפּט דאָס זידל־וואָרט, וואָס ער האָט אָפטמאָל געהערט אין די וואָרדס, און וואָס איז אים אַליין קיינמאָל ניט געווען צום האַרצן:

— „וועלף!"

▼



## 50. אָפּזקמעניש פאַר זינד

אין וואַש־צימער, וואָס איז אויך דער „קלוב"־צימער, זענען געזעסן דזשיימס און עדעמס, האָבן געדויכערט און געמיטלעך געשמועסט. פּלוצים, ווי ער וואָלט זיך עפּעס דערמאָנט, איז דזשיימס אויפגעשפּרונגען און אַ זאָג געטאָן:

— דו ווייסט, עדעמס? בלויז נאָך איין וואָך איז מיר פאַרבליבן אָפּצוקומען. קומעדיקן זונטיק ענדיקט זיך מיין שטראָף־צייט אין דער „הינטישער נאַרע"; כ'וועל באַקומען מיינע אויבער־מלבושים און וועל קענען ווידער אַרויסגיין אויף דער ליכטיקער וועלט.

— מיט וואָס האָסטו זיך פאַרזינדיקט, דזשיימס? און זענען פאַראַן דאָ נאָך קראַנקע, וואָס ווערן אַזוי באַשטראָפט?

דזשיימס, וואָס האָט שטענדיק ליב זיך אַרויסצואווייזן ווי אַן אַלץ־ווייסער, פאַרזאַמט ניט די געלעגנהייט, לאָזט פריי זיין צונג און ענטפערט באַלד:

— כ'זע, ליבער עדעמס, אַז דו ביסט נאָך גאָר אַ „גרינהאָרן". דו ווייסט נאָך גאָרניט וועגן אָט די ענינים. וועל איך דיר טאַקי אַלץ אויפקלערן פּינקטלעך און דייטלעך: "It's a Tough Life"! („איטס אַ טאַף לייף")! — יאָ, ברודער! שווער און ביטער איז דאָס לעבן פון דעם וואָס ליידט פון דער קראַנקייט, וואָס מ'האָט אַ נאָמען

געגעבן אַזוי חנ׳עוודיק: „טי. בי.״ שווער איז זיין לעבן ווען ער ליגט שטענדיק אין בעט. האָט קיין כוח ניט אויפצושטיין; און ביטער אויך דאָן ווען ער הויבט שוין אָן זיך דערהאָלן און נעמט זיך באַנוצן מיט זיינע „פּריווילעגיעס״. יאָ, „באָדי!״ דאָס זענען שוין, מ׳שטיינס־געזאָגט, „פּריווילעגיעס״. אַז דער מזל דינט דיר צו, און אַלץ גייט כשורה, דערלויבט מען דיר אַרויסצוגיין אויף יענער זייט טיר פון שפּיטאָל. קענסט גיין אין דער שפּייזקראָם זיך עפּעס איינקויפן; מ׳גיט דיר דיינע אויבער־מלבושים צוויי מאָל אַ וואָך און אין די יום־טוב׳דיקע טעג. דו גייסט אַרום צווישן די אַלייען, באַגעגנסט זיך מיט מיידלעך. מ׳דערלויבט דיר אויך צו גיין זען אַ מואווי אין פאַרוויילונגס־זאַל. אייך מאָל אין דריי חדשים באַקומסטו אַ דערלויבעניש צו גיין באַזוכן פּריינט. דאָס, זעסטו, הענגט שוין אָפּ אָן דיין געזונט־צושטאַנד. אויב דו ביסט פון די „פּאָזיטיווע״, מעגסטו גיין בלויז אויף צוועלף שעה, אָדער אויף אַ מעת־לעת. אויב, אָבער, דו ביסט „נעגאַטיוו״, באַקומסטו אַ דערלויבעניש אויף אַרויסגיין אויף זעקס־און־דרייסיק שעה, און אַמאָל אפילו אויף גאַנצע צוויי מעת־לעת. אָבער, דו מוזט זיין „אַ גוד־באָי״, אויפפירן זיך לייטיש לויטן געזעץ און סטאַטוט. אַניט — איז אויס מיט די פּריווילעגיעס! און בלייב, ברודער, איינגעלייגט אין בעט, ווי דער הונט אין נאָרע.

— ווערן די קראַנקע שווער באַשטראָפט? — גיט עדעמס אויף גיך אַ פרעג.

— דאָס ווענדט זיך שוין אָן דעם מין פאַרברעכן, און ווער עס באַגייט עס. זינדיגסטו איינמאָל — איז די שטראָף אַ לייכטע. ווידער געזינדיקט — איז שוין די שטראָף אַ האַרבערע. ווערסטו „אַ פּרינציפּיעלער פאַרברעכער״ — טאָ ליג פאַרפאַקט אַ האַלב יאָר נאָכאַנאַנד.

— און וואָס זענען עס די עבירות און די פאַרברעכנס, פאַר וועלכע מ׳באַשטראָפט?

— די פאַרברעכנס, ברודערקע, זענען „שרעקלעכע״! פאַראַן

עבירות, וואָס רעכענען זיך אַלס „דיסציפּלין־ברוך״; און פאַראַן זינד, וואָס זענען אין כלל פון „שלעכטער אויפפירונג״. און פאַראַן ווידער פאַרברעכנס, וואָס זענען פונ׳ם מין „איבערכאַפּן די מאָס״. אַט האָט מען מיר געגעבן פון אָפּיס אַ דערלויבעניש אויף זעקס־און־דרייסיק שעה צו גיין באַזוכן מיינע פריינט. האָב איך מיר דערלויבט צו נעמען נאָך אַ האַלבן טאָג. האָט מען מיך באַשטראָפט צו ליגן איינגעפּאַקט גאַנצע דריי וואָכן.

— אַ שטראָף פון דריי וואָכן אין „הינטישער נאָרע״ איז גאָר־ניט אַזוי שרעקלעך!

— דאָס דאַכט זיך דיר, עדעמס, אַזוי, ווייל דו ביסט נאָך „אַ פריש־געבאַקענער״, אַן ערשט־אַריינגעקומענער. איך, ברודער, בין אויך געלעגן איבער צוויי יאָר אין בעט. די געוואוינהייט, דורך נויט, איז ביי מיר געוואָרן ווי אַ נאַטור־זאַך. כ׳האָב די גאַנצע צייט ניט פאַרזוכט דעם טעם פון אַרויסגיין מחוצ׳ן קרייז פון שפּי־טאָל. אָבער אַז כ׳האָב זיך אָנגעהויבן צו דערהאָלן און פאַרזוכט דעם טעם פון פרייהייט, איז שווער, „באָדי״, זייער שווער, צו זיין איינגעלייגט אין דער „הינטישער נאָרע״, און כ׳צייל די טעג, די שעה׳ן, איך זאָל שוין האָבן אָפּגעקומען פאַר מיין זינד און קענען ווידער אַרויסגיין. אַט דאָס, ברודער, האָב איך געמיינט ווען כ׳האָב דיר געזאָגט:

„איטס עי טאָף לאַיף!״



ש ל מ ה  ד מ ש ק

# 51. אין שעה׳ן פון אַנגסט

ביין אַ זייגער, תיכף נאָכדעם ווי סהאָט זיך דערהערט דאָס געפּייף פון דער סירענע, וואָס לאָזט וויסן אַז די פּרימאָרגן רו־צייט הויבט זיך אָן, און אַ טיפע שטילקייט האָט אָנגעפילט די קראַנקנצימערן, האָט זיך אַ פאַרשטיקט געשריי דורכגעטראָגן אין דער לופט פון דעם כירורגישן אָפּטייל:

— כ׳ווער דערשטיקט!

אַ לאַנג גלעקל־געקלאַנג האָט זיך געלאָזט הערן. ס׳האָט אויפ־געבליצט דאָס רויטע עלעקטרישע לעמפּל איבערן טיר פון צימערל, וואו ס׳איז געלעגן דער חולה טאַלמאַן.

אַ פיבערהאַפטע באַוועגונג האָט זיך אָנגעפאַנגען אין קאָרי־דאָר. די קראַנקנשוועסטער האָבן אַריינגעפירט אין צימער די אָקסידזשען־ביידל, און האָבן אַהין אַריינגעלייגט טאַלמאַנען. זיי האָבן אויך אין זיינע נאָזלעכער אַריינגעשטעקט דינע, גומענע רערלעך צום אַריינאָטעמען די אָקסידזשען.

טאַלמאַנ׳ס הוסט און געקרעכץ האָבן ניט אויפגעהערט. זיין אָטעם איז געוואָרן קירצער. אַ שעה שפּעטער איז זיין מוטער גע־קומען צולויפן אַ צערודערטע. ווייזט אויס, אַז מ׳האָט איר געלאָזט וויסן, אַז איר זונס צושטאַנד איז קריטיש.

אַ שווער געמיט, געמישט מיט שרעק, איז באַפאַלן די חולאים אין די קראַנקנצימערן.

**
*

ווען מ׳האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקן דעם מיטאָג מאָלצייט האָט זיך דערהערט אַ נייער גערודער אין קאָרידאָר.

צוויי קראַנקנשוועסטער און אַ באַדינער האָבן געבראַכט צופירן דעם „אייזערנעם לונג" און אים אַוועקגעשטעלט לעבן טאַלמאַנ׳ס צימער.

דער הויפּט־דאָקטאָר איז באַלד געקומען.

פאַרציטערטע און אויפגעטרייסלטע זענען די חברים־חולים אויפגעשפּרונגען פון זייערע בעטן און צוזאַמענגעקליבן זיך ביי די טירן פון די קראַנקנצימערן און אין קאָרידאָר.

דער הויפּט־דאָקטאָר האָט געאַרבעט גיך און גענייט. יעדער מוסקול, יעדער אָדער פון זיינע הענט און געזיכט, זענען געווען אָנגעצויגן, אָנגעשטרענגט. יעדע מינוט איז געווען טייער. מ׳האָט אַ סעקונדע ניט געטאָרט פאַרלירן.

אין אַ פּאָר מינוט האָט מען די אָקסידזשען־ביידל אַרויסגע־פירט פון צימער און נאָך דעם דאָס בעט פון קראַנקן.

אַ צונויפגעדריקטער, אַ צעבראָכענער איז דאָרט געזעסן טאַל־מאַן. זיין פּנים שוואַרץ, פינצטער, קאָנוואולסיוו פאַרקראַמפּט. זיין פאַרשטיקטער הוסט האָט ניט אויפגעהערט אַ מינוט.

דער צוקאָפּן־טייל פון אייזערנעם לונג איז אויפגעשלאָסן און אָוועקגערוקט געוואָרן. ס׳האָט זיך דערזען דאָס בעטל אויף וועלכער מ׳לייגט אַוועק דעם קראַנקן.

דער דאָקטאָר און די הויפּט־שוועסטער האָבן פיבערהאַפט גע־אַרבעט. ס׳האָט זיך געפאָדערט גרויס אָנשטרענגונג אַריינצוברענגען דעם שווער־לייביקן טאַלמאַנען אין אייזערנעם לונג, און אַוועק־לייגן אים דאָרט אויפן בעטל.

אין רעכטן פליגל־וואָרד איז לאַנגזאַם נאָכגעגאַנגען זיין שטופּ־וועגל דער באַדינער, ניק, און פלעגמאַטיש צונויפגענומען די גע־שטעלן מיט די עס־כלים. לעבן טיר פון וואָרד איז געשטאַנען דער גוט־האַרציקער באַרט, איינגאַנצן אַ צעשרויפטער. זיין פּנים פול מיט צער.

ניק׳ס גלייכגילטיקייט האָט באַרטן אויפגערעגט. ער האָט אים באַגלייט מיט אַ קללה:

— אַזאַ גאָט־פאַרדאַמטער! לייגט ניט צו אַ האַנט צו אַרויס־העלפן. גייט זיך אַרום גלייך ווי ס׳וואָלט גאָרניט געשען.

נאָר אָט האָט מען שוין דעם שווער־אָטעמדיקן טאַלמאַנען אַוועקגעלייגט אויפן בעטל און פאַרמאַכט דעם אייזערנעם לונג.

מ׳האָט שוין אויך אַריינגעפּאַסט דעם קיילעכדיקן אייזערנעם קאָל־נער, וואָס פאַרשליסט די לונג פון צוקאָפּנס.

די אויגן פון אַלע חברים האָבן זיך איצט אַ צי געטאָן און זענען געבליבן צוגעשמידט צו טאַלמאַנ׳ס גרויסן קאָפּ, וואָס איז געלעגן אין דרויסן אויפן קליינעם, שמאָלן ברעטל, איינגערייפט און איינגעשמידט אין אייזערנעם קאָלנער.

דער אייזערנער־לונג מיטן חולה זענען אַריינגעפירט געוואָרן אין צימער. דער מעכאַניזם פון לונג האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן. דער בלאָז־זאַק האָט גענומען בלאָזן: זיך איינציען און אויסציען.

די נייגעריקייט פון די חברים איז געווען גרויס. די אויפּ־געשרויפטקייט איז געוואָקסן. די דערוואַרטונג איז געשטיגן: נאָך אַ ווײַלע, נאָך אַ רגע, וועט דער מסוכנ׳דיקער חבר זיך דערפילן לייכטער.

אין אַ ווינקל פון קאָרידאָר איז געשטאַנען טאַלמאַנ׳ס מוטער. איר פּנים געהילט אין אומעט. די אויגן רויט פון געוויין. דאָס שנירל קרעלן מיטן צלמ׳ל האָט זי געהאַלטן אין אירע הענט. אירע ליפּן האָבן געשעפּטשעט אַ תפילה.

און ביי דער טיר פון טאַלמאַנ׳ס צימער איז געשטאַנען זיין געטרייער פריינד, דער חולה פּירס. זיינע אויגן זענען געווען צו־געשמידט צו דעם אייזערנעם לונג, פון וועלכן עס הענגט אָפּ דאָס לעבן פון זיין חבר.

פון פּירס׳עס האַלב־פאַרמאַכטן פויסט האָט אַרויסגעשטעקט דער שפּיץ פון אַ מעסערל, און זיך אַרויסגעהעלט אַ שטיקל אָפּ־געשיילטער עפּל.



# 52. אַ צאַרטע פלאַנץ

מיט זעקס וואָכן צוריק האָט מען אַריינגעבראַכט אין כירורגישן אָפּטייל אַן אײדל קינד, אַ צאַרטע פלאַנץ, וואָס האָט אָנגעהויבן וועלקן ווי אַ יונג, דין צווייגל.

פון די אַכט יאָר פון זיין לעבן האָט שוין דעני פאַרבראַכט מער ווי צוויי יאָר אין דער קינדערהיים פונ׳ם שפּיטאָל, און נאָך עטלעכע חדשים אין אַן אַנדער אָפּטייל. איצט האָט מען דענין אַריבערגעפירט אין כירורגישן אָפּטייל. ער דאַרף דורכמאַכן אַ ריפּ־אָפּעראַציע.

צאַרט און שוואַך איז דעני, דין און אויסגעצערט.

זיינע עלטערן שטאַמען פון דרום־אַמעריקע. פון זיי האָט ער עס גע׳ירש׳נט דעם קרומלעכן שניט פון זיינע אויגן און דעם שוואַרצלעך־גרינלעכן קאָליר פון זיין געזיכט. די בלאַסקייט האָט זיין פּנים שטאַרק פאַראײדלט. זיינע גליענדיקע, שוואַרצע אויגן שיינען אַרויס פון זיין אויסגעדאַרט געזיכט.

אין דער סביבה פון שפּיטאָל איז דעני אויסגעוואַקסן, און אין איר לעבט ער זיך אינגאַנצן אויס. צו אַ נייעם קראַנקנצימער פּאַסט זיך דעני גיך צו, און זיין רייכער דמיון געפינט דאָרט באַלד אָנהאַלט און נאַרונג.

ס׳זענען אַריבער בלויז אַ פּאָר טעג און דעני האָט שוין פאַר זיך אויסגעטראַכט אַ גאַנצע משפּחה, אַן אייגענע, אין אונדזער וואָרד. געיבל, אַ חולה פון אַ יאָר פופציק, איז ביי דענין געוואָרן: „פּאַפּאַ״ געיבל. דער זעכצן־יאָריקער ווילי, וואָס ליגט לינקס פון אים — זיין עלטערער „ברודער״. פון די וואָס ליגן קעגנאיבער האָט זיך דעני אויסגעקליבן דעם אידן דוואָרין, וואָס זיינע האָר זענען שוין גרוי, פאַר אַ „זיידן״ פון טאַטנס צד, און דעם אַלטן איטאַליענער מאַרטיני, פאַר זיין „זיידן״ פון מאַמעס צד. דער גוט־האַרציקער נעגער מאַרטין, איז געוואָרן זיין ליבער, גוטער „פעטער״ .

די הויפּט־קראַנקנשוועסטער איז דענין געוואָרן אַ „מאַמע״.

פון די אַנדערע נוירסעס האָט ער זיך אויסגעקליבן באָבעס און מומעס פון ביידע צדדים.

דעני׳ס אויגן זענען נייגעריקע. גלוסטן צו זען אַלץ. זיינע אויערן כאַפּן אויף יעדן קלאַנג, יעדן ריר מיט די ליפּן. ווי אַ וואַסער־שוואָם, אַזוי זאַפּט אין זיך דעני אַריין דאָס גוטע און דאָס שלעכטע, דאָס שיינע ווי דאָס מיאוסע, אַלץ וואָס ווערט אַרויס־געבראַכט אין די שמועסן צווישן די דערוואַקסענע אין דעם קראַנקנ־צימער.

ביי די מאָלצייטן עסט דעני זייער ווייניק. ער איז צו פאַרנומען, ער זאָל קאָנען זיך אָפּגעבן מיטן עסן. ער האַלט אין איין באַאָבאַכטן אַלץ, וואָס עס קומט פאָר ביי אונדז אין צימער און אין דעם שכנות׳דיקן וואָרד. זיינע אומרואיקע אויגן כאַפּן אויף דאָס קאָמישע און אויסטערלישע, און ער צעפּויקט עס באַלד מיט אַן אָנרעגנדיקן געלעכטער.

**
*

דער קליינער דעני קען נאָך ניט לייענען. מחמת זיין שוואַכקייט האָט מען אים אין דער קינדערהיים ניט געלערנט לייענען און שרייבן. ער ווייס נאָך אפילו ניט דעם גאַנצן עי בי סי. ער האָט אָבער פון זיך אַליין זיך אויסגעלערנט צו דערקענען אַ צאָל אותיות, און ער ברענגט עס אַרויף אויף פּאַפּיר מיט אַ בלייער. ער שרייבט ניט די אותיות, נאָר ער צייכנט און מאָלט זיי.

דעני האָט ליב אַריינצוקוקן אין מעשה־ביכלעך וואָס האָבן בילדער פון מענטשן, חיות און פייגל, ווי אויך אין די פאַרשיידענע „פאָני״ העפטן. די בילדער און צייכענונגען שפּייזן זיין רייכע פאַנטאַזיע.

אָפטמאָל דערציילט דעני פאַר אונדז, פאַר „זיין משפּחה״, די אויסגעטראַכטע מעשיות זיינע וועגן די העלדן פון די בילדער. ער קוועלט אַן ווען מיר ווערן „פאַרכאַפּט״ פון זיינע מעשיות. ער דערציילט דעמאָלט מיט אַ באַזונדער ברען. נאָר צום סוף הויבט

ער אָן סתם צו פּלאַפּלען מיט קינדישער, חנ׳עוודיקער שטי־
פּערישקייט.

ווען דער „פּעטער" מאַרטין וויל פאַרשאַפן דעניִן אַ נחת־רוח,
לייענט ער אים אַ פּיר די „פּאָני סטאָריס" — די לוסטיקע מעשה׳לעך,
וואָס די ביבליאָטעקערין ברענגט ספּעציעל פאַר אים, ווען זי גייט
דורך די וואָרדס מיט איר שטופּ־וועגעלע, וואָס איז אָנגעלאָדן
מיט ביכער.

זי ברענגט פאַר דעניִן אויך בילדער־רעטענישן און „בלאָקס",
ער זאָל האָבן מיט וואָס די צייט צו פאַרברענגען.

*****

דריי זאַכן האָט דעני שטאַרק ליב: צוהערן זיך צו דער ראַדיאָ;
זען „מואוויס" און צייכענען מיט אַ בלייער. דעניִן געפעלט זייער
שטאַרק די קינדער־געשיכטעס, די וואונדער־מעשיות און שפּילע־
רייען, וואָס מ׳הערט אויף דער ראַדיאָ. מער פון אַלץ אָבער קוויקט
ער זיך מיט מוזיק — געזאַנג און אָרקעסטער־שפּיל.

ווי נאָר דעני דערהערט געזאַנג, אַזוי זעצט ער זיך אויף אין
בעט און שפּיצט אָן זיינע קליינע אויערן. איז דאָס ליד דעניִן
באַקאַנט, זינגט ער נאָך מיט זיין זיס, דין שטימעלע. שפּילט אַן
אָרקעסטער, באַגלייט ער די מעלאָדיע מיט זיינע הענט־באַוועגונגען.
די תנועות פון זיינע דינע אָרעמס און לאַנגע, דורכזיכטיקע פינגער,
זענען פול מיט חן און צאַרטער בויגזאַמקייט. זיינע געדיכטע,
געקרייזלטע קאַשטאַן־האָר טרייסלען זיך מיט. זיין פּנים שטראַלט
פון שמחה. ער דיריגירט נאָכאַנאַנד צום טאַקט פון דער מעלאָדיע
און ווערט גאָרניט מיד. דעני׳ס חלום איז צו ווערן אַן אָרקעסטער־
דיריגענט.

*****

ווען דעני איז געווען אין קינדערהיים פלעגט מען אים און
זיינע חברים פירן איינמאָל אַ וואָך זען אַ „מואווי". דעני האָט זיך

באַקענט מיט די אַלע אַקטיאָרן און אַקטריסעס — די האָליוואודער „שטערן״. די פון זיי, וואָס זענען אויך זינגערס, האָבן זיך אים איינגעבאַקן אין האַרצן. ער טראַכט פון זיי שטענדיק און זיי רייצן און צינדן זיין פאַנטאַזיע. ער הערט ניט אויף צו ריידן פון בינג קראָסבי און פון דזשודי גאַרלאַנד און די איבעריקע זינגעווודיקע „שטערן״. דער קליינער דעני איז אַ פאַרברענטער „חסיד״, — אַ „פען״, הייסט עס. אין זיין טיש־קעסטל געפינט זיך אַ זאַמלונג פון בילדער פון זיינע באַליבטסטע „סטאַרס״. פון צייט צו צייט נעמט ער אַרויס די בילדער, קוקט זיך אין זיי גוט איין, דריקט זיי צו צום האַרצן, און קושט זיי מיט גרויס ליבשאַפט.

איבערהויפּט טראַכט דעני פון די אַקטריסעס. זיי האָט ער שטאַרק ליב. ער האַלט אין איין מאָלן און צייכענען זייערע פּנים׳ער מיט זיינע פאַרביקע בלייפעדנס אין כלערליי פּאָזעס.

„פּאַפּאַ״ געיבל, וואָס זעט ווי דעני צייכנט און מאָלט מיט אַ באַזונדער תשוקה און האַרץ־פאַרכאַפּונג די געשטאַלטן פון זיינע העלדינס, די מואווי־אַקטריסעס, שלעפּט אָפּטמאָל אַרויס פון אונטער זיין האַנט די צייכענונג, באַטראַכט עס און גיט צו אים אַ זאָג:

— ביסט אַ קליינער „וואָלף״, דעני! האַלסט אין איין טראַכטן פון די רייצנדיקע פילם־שיינהייטן.

דעני ענטפערט אויף דעם מיט אַ שטיפערישן קוק. צעלאַכט זיך אויפן קול, און רייסט אַרויס פון געיבל׳ס האַנט די צייכענונג און באַהאַלט עס.

**
*

„פּאַפּאַ״ געיבל האָט זייער ליב דעם קליינעם דעניך. דאָס, וואָס דעני פילט אַזאַ דראַנג צו מוזיק, דערנעענטערט זיי נאָך מער איינער צום צווייטן.

„פּאַפּאַ״ געיבל האָט געשפּילט אויף אַ האָרן און אַ קלאַרינעט איידער ער איז קראַנק געוואָרן. ער האָט געוואַנדערט און באַ־רייזט מיט פאַרשיידענע קאַפּעליעס די פאַראייניקטע־שטאַטן.

געיבל איז גוט באַקאַנט מיט די אַלע באַוואוסטע מוזיקערס,

וואָס צייכענען זיך אויס אין די דזשאַז־ און פאָלקס־מעלאָדיעס. זיינע נאָענטע חברים זענען זיי געווען. מיט זיי האָט ער זיין צייט פאַרבראַכט. ער קען אויך אַלע באַוואוסטע זינגערס, וועלכע טרעטן אויף אַלס סאָליסטן מיט געוויסע כאָרן און אָרקעסטערס. געיבל געדענקט גוט די אַלע לידער און מעלאָדיעס, וואָס ער האָט געשפילט הונדערטער מאָל.

די טייערסטע שטונדן זענען ביי געיבלען ווען ער הערט אויף דער ראַדיאָ, ווי מען שפילט אָט די מעלאָדיעס.

ניט זעלטן טרעפט, אַז געיבל איז וואַכיק ביינאַכט. טוט ער אָן אויף די אויערן די ראַדיאָ־רערלעך און הערט זיך איין צו דער מוזיק, פון די שפּעטע נאַכט־שעה'ן אין די גרויסע האָטעלן. ער דערקענט באַלד ווער די שפּילערס און די זינגערס זענען.

גאַנץ אָפט טרעפט, אַז זיין אויער כאַפּט אויף רעקאָרדירטע מוזיק פון אַ געוויסער מעלאָדיע, וואָס ער, געיבל אַליין, האָט זיך באַטייליקט אין דעם רעקאָרדירן. די קלאַנגען פון זיין אייגענעם קלאַרינעט דערטראָגן זיך אויף די לופט־כוואַליעס צו אים, אויף זיין בעט אין קראַנקנצימער.

ליגט ער אַזוי „פּאַפּאַ" געיבל און הערט זיך צו. די סטרונעס פון זיין זעל ציטערן, ברומען. איז דאָס, וואָס זיין אויער פאַרנעמט איצט, געווען, און בלייבט, זיין שוואַנען־ליד ? !

און לעבן געיבלען ליגט זיין קליינער „זון" דעני. ער אויך הערט זיך צו און פאַרנעמט די זעלבע מוזיק. די סטרונעס פון זיין צאַרטער נשמה ציטערן אויך. זיין זעל, וואָס דורשט אַזוי נאָך מוזיק, פלאַטערט און פיבערט מיט די קלאַנגען פון די מעלאָדיעס.

**
*

זונטיק קומען דעני'ס פאָטער און מוטער אים באַזוכן. די ערשטע מינוטן באַפאַלט דענין אַ מין שעמעוודיקייט. אַ ווײַלע שפּעטער נעמט ער זיך ציען צו זיי, האַלדזט און קושט זיי מיט גרויס גאַרעניש און צופרידנקייט.

די מוטער פרעגט דעניִן איִן שפּאַניש ווי ער פילט זיך, און זי איז שטאַרק צופרידן אַז ער ענטפערט איר אויף דער זעלביקער שפּראַך.

פיר יאָר איז דעני אַלט געווען ווען זיינע עלטערן האָבן אַריבערגעוואַנדערט אַהער פון דרום־אַמעריקע. אין שפּאַניש האָט צו אים די מוטער גערעדט ווען ער איז אַ קליין קינד געווען. זי האָט פאַר אים אין דער שפּראַך געזונגען וויג־ און קינדער־לידער.

זי בעט אים ער זאָל פאַר איר זינגען איינס פון יענע לידעלעך. זי פילט זיך גליקלעך, וואָס ער האָט נאָך ניט פאַרגעסן איר פאָלקס געזאַנג. מיט פיל צערטלעכקייט און ליבשאַפט זינגט זי אויך פאַר דעניִן פון יענע לידער, וואָס ער האָט ליב געהאַט.

היימיש און זיס זענען אָט־די מינוטן ביי דעם קליינעם דעני. ער דריקט זיך צו צו זיין מאַמען. מיט זיינע הייסע קושן דריקט ער אויס די בענקשאַפט, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט די גאַנצע וואָך אין דער טיפעניש פון זיין צאַרטער זעל.

טאַטע־מאַמע ווייסן וואָסערע זיסקייטן און באַשערייען זייער קליינער דעני האָט ליב, און זיי ברענגען אים שטענדיק אַ פּעקעלע. אויך בלייערס צום צייכענען, און וואַרפן אַריין עטלעכע מטבעות אין זייער קינדס קאַסע, וואָס ער האַלט אין זיין טיש־קעסטל.

און דעני נעמט אַרויס פון זיין אוצר־קעסטעלע עטלעכע צייכע־נונגען זיינע, וואָס ער באַהאַלט ספּעציעל פאַר אָט דער גרויסער שעה. ער איז מכבד מיט זיי דעם פּאַפּאַ באַזונדער, און די מאַמע באַזונדער; און טאַטע־מאַמע באַלוינען אים מיט גלעטן און קושן פאַר יעדן בילד.

ווי איינער וואָס וועקט זיך אויף פון אַ זיסן חלום — אַזוי זעט דעני אויס, ווען די עלטערן גייען אַוועק.

זיין פּנים, אויסגעקושט און אויסגעגלעט, שטראַלט נאָך אַ לאַנגע צייט מיטן פאַרגעניגן פון טאַטע־מאַמעס באַזוך.



# 53. אין מינוטן פון דערהויבונג

**עטלעכע** מינוטן איידער די באַזוך־שטונדן זענען אַריבער, איז איילנדיק אַריינגעקומען אין קראַנקנצימער אַ נידעריק־געוויקסיקע, אויסגעדאַרטע בעגערטע. אירע שוואַרצאַפּלען האָבן געפלעמלט, געלויכטן. אַ ווײַלע איז זי שטיין געבליבן ביי דער טיר און האָט מיט אַ זוכנדיק בליק באַקוקט די חולאים אַרום. ווען זי האָט דערזען דזשילן ליגנדיק אין בעט האָט אַ שטראַל פון פרייד אויפגעבליצט אין אירע אויגן. זי איז גיך צוגעגאַנגען צו אים און האָט אַנידערגעקניט לעבן זיין בעט. דזשיל האָט שווייגנדיק זיין קאָפּ אַראָפּגעלאָזן. אַ פרומע שטילקייט האָט באַהערשט זייער ווינקל.

די חברים־קראַנקע, וואָס נאָר־וואָס האָט פאַר זיי דזשיל דערציילט זייגע ביט־זויבערע וויצן, האָבן אויסגעגלאָצט די אויגן, די מיילער ברייט צעעפנט און דערשטוינטע באַטראַכט די הייליקע שטילקייט, וואָס האָט איינגעהילט די צוויי — דעם ניבול־פּה׳ניק דזשיל, און די קליינע קניענדיקע בעגערטע — אַן אָנהענגערקע פון דער סעקטע „גאָט־בעטערינס״, וואָס איז אים געקומען מבקר־חולה זיין.

געציילטע מינוטן זענען אַריבער. די באַזוכערין האָט זיך אויפגעשטעלט, באַגריסט דזשילן און געפרעגט צי האָט ער באַקומען איר וואונטש־קאַרט. די גאָט־בעטערין האָט אויסגעדריקט איר פרייד, וואָס זי זעט אים אַ לעבעדיקן, אַ געזינטערן. זי האָט אים דערציילט, אַז זי האָט פאַר אים אָפּט גאָט געבעטן, און האָט פאַר זיין געזונט ווערן אַ געבעט־ליד אָנגעשריבן. מיט איינגעהאַלטענער התלהבות האָט זי דזשילן אַפּירגעלייענט איר געגראַמטע תפילה. ווען זי האָט פאַרענדיקט האָט זי אים געבענטשט, און איז אַוועק.

יענעם אָוונט, ליגנדיק איינער לעבן דעם אַנדערן אויף זייערע בעטן, האָבן די צוויי נעגערס, דזשיל און מאַרטין, געשמועסט צווישן זיך וועגן די הייליקע פון דער „ביבל״. זיי האָבן באַזונדערס

אַ סך גערעדט וועגן „דניאל אין לייבן־גרוב" און וועגן „דער אַנטפּלעקונג".

דער שמועס איז געווען תמימות'דיק־נאַאיוו, און זייער פאַר־פּלאָנטערן זיך אין ענינים, וועגן וועלכע מאַרטין האָט באַמערקט, אַז זיין שוואַכער מוח קאָן זיי ניט באַנעמען, איז געווען רירנדיק און האַרציק.

דזשיל, וואָס איז תמיד אַריינגעטאָן אין זנות־פּלאַפּלערייען און גלאַט ניבול־פּה, קוקט אַריין יעדן אינדערפרי, אַרום אַ פערטל שעה, אין דער „ביבל".

ווייזט אויס: אָט די מינוטן שטייען אים ביי און היטן אים אָפּ, ער זאָל נישט אינגאַנצן פאַרזונקען ווערן אין די מ"ט שערי־טומאה.



## 45. דערלייכטערונג

בעת די האָפענונג האָט זיך צעשפּילט ביי מאַלוסאָנען, אַז גאָר אינגיכן וועט ער דערלייזט ווערן פון שפּיטאָל, איז אים ווי אַ שלאַק באַפאַלן די „פּלו" און צעשטערט אַלע זיינע חלומות. ער האָט געהאַט אַ געפיל ווי אַ פּיאַווקע וואָלט געזויגן זיין בלוט און אַרויס־געגנאַגט זיין לעצט ביסל כוח.

צוועלף טעג האָט זיך מאַלוסאָן געפונען אין אַ מין היגערפּלעט; געהאַלטן אין איין פיבערן, געווען אויסגעווייקט אין שוויס און צעפייניקט פון אַ שטענדיקן הוסט. ווען דער פיבער האָט נאָכגעלאָזט האָט מאַלוסאָן דערפילט ווי די ביינער וואָלטן זיך ביי אים צעפאָרן, די פיס שווער ווי בליי, און די אָרעמס אינגאַנצן אָפּגעשוואַכט.

אין אַ האַלב־שלעפעריקן צושטאַנד, מיט אַ שווערן אָטעם, אַ צעווייטיקטער, און אַן אויסגעמאַטערטער, איז מאַלוסאָן געלעגן נאָך

זעקס טעג. איבער זיין אָפּגעשוואַכקייט האָט ער ניט געקאָנט האַלטן אַ בוך אין האַנט. האָבן זיינע אויערן, נישט ווילנדיק, אויפֿגעכאַפּט די פּוסטע שמועסן פֿון זיינע אַרומיקע חברים, — רייד וואָס אים, מאַלוסאָנען, האָט זיך געדאַכט, אַז ס׳נעמט צו זיי קיין סוף ניט. דער אָנפֿירער פֿון די פּלאַפּלערייען איז, ווי תמיד, געווען דזשיל.

דאָס שרייערישע קול פֿון אָט דעם מגושם׳דיקן תאווה׳ניק, מיט וועלכן ער וואַרפֿט זיך אַרויף און באַצווינגט זיין מיטשמועסער, און זיין האַמעטנע שפּראַך, באַלאָדן מיט אַ ספּעציפֿישן „סאַוטה־סלענג“, האָט געגרילצט אין די אויערן.

אָט די ריידערייען, איבערגעלאָדענע מיט ניבול־פּה ביז צו באַזויפֿנקייט, האָבן זיך שווער געלייגט אויף מאַלוסאָנס געמיט און געוויייטיקט זיין זעל. און אַז ער האָט אויפֿגעמאַכט די אויגן און דערזען דעם קליינעם, אַכט־יאָריקן דעניז, אַ צונויפֿגעקאָרטשעטן אין זיין בעט, הערן די גראָבע, טריפֿע רייד פֿון די דערוואַקסענע, פֿלעגט מאַלוסאָנס האַרץ אינגאַנצן אויפֿגעציטערט ווערן. ער האָט געפֿילט ווי אַרויסצושרייען זיין טיפֿן ווייטיק. ס׳האָט מאַלוסאָנען אויסגעזען, ווי אַן אומהיימלעכע, אומריינע האַנט, מיט צעשפּרייטע טמא־פֿינגער, גראַבט זיך אַריין אין דעם קליינעם, צאַרטן דעניז ווי אַ שרץ, און קוועטשט אַרויס טראָפּן נאָך טראָפּן די ריינקייט פֿון דעם ליבן, אומגליקלעכן קינדס נשמה.

**
*

אויפֿן זיבעטן טאָג, ווען ער איז נאָך געווען שוואַך, און האָט נאָך ניט געהאַט אַראָפּגעשטעלט קיין פֿוס אויפֿן דיל, האָט די הויפּט־קראַנקנשוועסטער געלאָזט מאַלוסאָנען וויסן, אַז מאָרגן וועט מען אים אַריבערפֿירן אין אַ נייעם אָפּטייל.

אָט די ידיעה האָט מאַלוסאָנען אינגאַנצן צעשרויפֿט און באַטריבט זיין געמיט. אמת, ער האָט שוין פֿון לאַנג פֿאַרשטאַנען, אַז ער וועט אינגיכן מוזן בייטן זיין אָרט. ער האָט אָבער זיך געמיט ניט צו טראַכטן דערפֿון.

דאָס אַרויסציען זיך פון אַן איינגעזעסן אָרט, דאָס איינאָרדנען זיך אין אַ ניי אָפּטיילונג און דאָס צופּאַסן זיך צו אַ נייעם ווינקל, פאַלט שווער אויף יעדן חולה; און אויף אַן אָפּגעשוואַכטן חולה, וואָס נויטיקט זיך נאָך אין הילף און באַדינונג, פאַלט עס נאָך אַ סך שווערער.

מאַלוסאָן האָט ניט געקענט ענדערן דעם דאָקטאָרס באַשלוס. אַ פּאָר פון זיינע איבערגעבענע חברים האָבן אים געהאָלפן צונויפ־בינדן זיינע חפצים און פאַרשיידענע קליניקייטן. און צומאָרגנס, באַלד נאָך פרישטיק, האָט אַ קראַנקנשוועסטער אַרויפגעלייגט מאַלוסאָנס פּעקלעך אויף אין רעדל־שטול און אים אַרויפגעזעצט אויף אַ צווייטער און אַריבערגעפירט צו דער ז... געביידע, אין קליינעם פליגל־וואָרד.

ווען מאַלוסאָן האָט זיך איינגעמאָסטשעט אין בעט און אָנגע־הויבן זיך אַרומקוקן, האָבן זיינע אויערן באַלד גענומען אויפכאַפּן פרעמדע קלאַנגען, וואָס האָבן זיך כסדר געטראָגן אין חלל פון נייעם קראַנקנצימער.

אַ פינף־זעקס חברים האָבן צווישן זיך גערעדט שפּאַניש מיט אַ צאַפּלדיקער זשעסטיקולאַציע.

מאַלוסאָנס ערשטער איינדרוק איז געווען, אַז דאָ ריידן אַלע אַ שפּראַך, וואָס אים איז פרעמד, און גראָד דאָס איז אים איצטער געפעלן. ער האָט דערפילט אַ דערלייכטערונג, אַ מין דערלייזונג.

מאַלוסאָן האָט געפילט ווי צו דאַנקען דעם בורא עולם פאַר צוטיילן אים דעם גורל, אַריבערגעפירט צו ווערן אַהער — אין אָט דעם נייעם אָרט.



# 55. פּאול מאַקרען

**העכער** זעקס פוס איז פּאול מאַקרען. די קראַנקנשוועסטער און די חברים רופן אים: „פּאול דער לאַנגער”. זיין קאָפּ איז גרויס און פּליכעוואַטע. זיינע טונקל־ברוינע אויגן באַהאַרצן מיט זייער וואַרימען גלאַנץ, נאָר אַמאָל ווערן זיי פאַרשלייערט מיט אַ דין אומעט־וואָלקנדל. אַט דער דינער אומעט־שלייער דערציילט וועגן טרויער, וואָס נאָגט מאַקרענס האַרץ. ער גופא רעדט וועגן דעם זייער זעלטן.

די גלגולים, וואָס מ׳גייט דורך אין דער קראַנקייט: דאָס געוואָרפן ווערן אָן אַ סוף צווישן די צייכנס „פּאָזיטיוו” און „נעגאַטיוו”, טריפן אַריין טראָפּנס יאוש אין האַרצן.

ניט איינמאָל האָט מאַקרען שוין דורכגעמאַכט פינף־זעקס חדשים אַלס „נעגאַטיוו”. פון דער טיפעניש פון האַרצן, וואָס לעכצט נאָך דערלייזונג, שווימט יעדעס מאָל אַרויף די האָפענונג, אַז דאָס מאָל וועט זיך דאָס רעדל ניט צוריקדרייען. אַלץ וועט דורכגיין כשורה. סוף־כל־סוף וועט ער געשטעלט ווערן פאַר דער קאָנפערענץ פון די כירורגן־ספּעציאַליסטן, וועט באַפרייט ווערן, און וועט זיך צוריקקערן צום נאָרמאַלן לעבן. אָבער — ווידער אַן אַנטוישונג. און אַ פרישער טראָפּן טרויער טריפט אַריין אין האַרצן. און ווידער קומט אַ פאָרשלאָג פון הויפּט־דאָקטאָר וועגן אַ נייער אָפּעראַציע.

פינף מאָל איז מאַקרען שוין אָפּערירט געוואָרן, און דאָס האַרץ זאָגט אים, אַז ניט דורך אָפּעראַציעס וועט קומען זיין ישועה.

אין אַזעלכע טעג, ווען מאַקרען ראַנגלט זיך מיט זיין גורל און קאָן נישט באַשליסן וואָס צו טאָן, טרעפט, אַז ער גיט אַ זאָג צו אַ חבר, און דווקא שטיל, איינגעהאַלטן: „ווער ווייס, אויב ניט דער שטריק איז דער איינציקער אויסוועג פון אָט דער לאַגע”.

***

די נשמה פון פאול „דעם לאַנגן", דעם גוט־מוטיקן אירלאַנדער, ציט איר יניקה פון די עולמות פון פּאָעזיע און לאָגיק.

פּאול איז שווערלעך אויפן געהער. ניט אַלעמאָל כאַפּן אויף זיינע אויערן די שמועסן פון זיינע חברים, נישט בלויז פון וויטן, נאָר אפילו פון נאָענטן. דעריבער הערט ער זיך אַזוי צו צו דאָס ברויזן אין זיין אייגענער זעל.

פון זיין געלעגער הערט זיך אָפּט גאַנצע זאַצן, אָדער אָפּגע־האַקטע ווערטער, וואָס מאַכן שטוינען זיינע חברים. דאָס זענען פּאול'ס האַרץ־טראַכטענישן, זיין שמועס מיט זיך אַליין.

גאַנץ אָפט טראָגן זיך, דורך דער שטילקייט פון דער נאַכט, אין חלל פון קראַנקנצימער, פערזן פון שעקספּיר, פון ייטס און אַנדערע פּאָעטן. דאָס איז אויך פּאול'ס זעלן־אויסגוס. ער זוכט אויסדרוק פאַר זיין געמיט־צושטאַנד און ער געפינט עס אין די שירים פון זיינע באַליבטע פּאָעטן, וואָס ער קען אויסווייניק.

פּאול מאַקרענס מוח איז פאַרנומען אויך מיט שווערע געאָ־מעטרישע אויפגאַבן. און אַז ער ווענדט זיך אַמאָל מיט געוויסע פּראָבלעמען צו די „שאַרפע מוחות", וואָס געפינען זיך אין וואָרד, פאָדערט ער פון זיי שטענדיק ניט בלויז דעם ריכטיקן ענטפער, נאָר בעיקר דעם ריכטיקן וועג אַרויסצובאַקומען דעם ריכטיקן ענטפער — די „לאָגיק" פון דער אַנטשיידונג.

פּאול האָט אויך געוויסע קאָמישע איינפאַלן. ניט איינמאָל מאַכט ער מיט זיי לאַכן זיינע חברים, און גאַנץ אָפט מאַכט ער זיך אַליין צו שפּאַס.

אַז עס זענען אָנגעשטאַנען די שווערע ווינטער־טעג, האָבן צוג־ווינטן דערקוטשעט פאולן און זיין שכן, ווייל זייערע בעטן שטייען נאָענט צו דער טיר, וואָס די חברים דורכגייער לאָזן אָפן גאַנץ אָפט.

אין איינעם אַזאַ בייז־ווינטיקן פרימאָרגן, האָט פאול מאַקרען אַרויפגעקלעפּט אויף דער שויב פון טיר אַזאַ מין וואָרעניש:

„היות ווי דאָס לעבן פון אַ מענטשן איז ביי אונדז הייליק און טייער, און מיר ווילן קיינעם ניט אומברענגען אָן אַ וואָרענונג, זענען מיר מזהיר, אַז ווער ס'וועט לאָזן אָפן די טיר, וועט זיך אַליין אויסשטעלן צו דער געפאַר פון טויט, וואָרום ער וועט זיכער דערשאָסן ווערן, און „זיין בלוט וועט פאַלן אויף זיין אייגן קאָפּ".

איז ווער נאָר ס'איז יענע טעג פאַרבייגעגאַנגען די טיר, און זיינע אויגן זענען געפאַלן אויף אָט דער וואָרענונג, געשריבן מיט גרויסע געטאָקטע אותיות, פלעגט אַן עפן טאָן די טיר און אַ היפּשע ווײַלע בלייבן שטיין און קוקן אויף מאַקרענען מיט אַ שמייכל, אָדער גאָר אויסשיסן אין אַ געלעכטער. אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז פּאול „דעם לאַנגנס" אַן איינפאַל.



פּאול האָט ליב דעם שאַרפן וויץ און געראָטן גלייכווערטל, פּונקט ווי ער האָט ליב די שטאַרקע טיי, וואָס ער פאַרבריט יעדן אָוונט פאַר זיך און פאַר זיינע חברים, אירלאַנדער.

פּאול איז אָנגעפּיקעוועט מיט וויצן און שפּאַסיקע מעשיות „ווי אַ מילגרוים", און ער דערציילט זיי זייער גערן.

ווען זיין שוועסטער קומט אים באַזוכן און ברענגט אים אַ פול קענדל טיי, וואָס זי פאַרבריט און פּראַוועט צו ספּעציעל נאָך זיין געשמאַק, ווערט פּאול גאָר־גאָר אויפגעלעבט.

די גאַנצע שעה צייט, וואָס זיין שוועסטער זיצט לעבן אים, און פּאולס אויער האַלט זיך נאָענט צו איר מויל, זענען זיי ביידע פאַרטאָן אין שמועס. זיי דערציילן זיך און חזר'ן איבער, ווי עס ווייזט אויס, די אַלע וויצן וואָס זיי האָבן גערן צו הערן. פון ביידנס מיילער טראָגן זיך די ריישן און שינען, און דער חלל פון זייער ווינקל ווערט פאַרקלונגען מיט געלעכטער.

▼

ש ל מ ה  ד מ ש ק

# 56. אין שאָטן פון טויט

**דריי**, פיר מאָל אַ טאָג קומט אַריין דער אַלטער בוירד פון רעכטן פליגל אין דעם לינקן פליגל־וואָרד. ער האַלט אין האַנט זיין קעשענע־זייגערל. גייט צו פאַמעלעכל צום ווייסן טישל ביי האַרדערס בעט און קוקט זיך איין מיט זיינע אַ ביסל קורצזיכטיקע אויגן אויפן וועק־זייגער, וואָס שטייט אויף דער ראַדיאָ.

ער קוקט לאַנג, פאַרשעריש. ערשט דערנאָך פרעגט ער האַר־דערן: „וויפיל איז דער זייגער?" דער אַלטער בוירד וויל זיין זיכער, אַז ער האָט ריכטיק געזען, אַז ער האָט, חלילה, ניט געמאַכט קיין טעות אויף אַ מינוטקעלע. האַרדער זאָגט אים.

בוירד קוקט זיך לאַנג־לאַנג איין אויף זיין אייגענעם זייגערל. שטעלט אים אָן און דרייט אים אָן, לייגט אים פאַוואָלינקע אַריין אין זיין סוועטער־קעשענע און שלייכט זיך לאַנגזאַם אַרויס פון וואָרד.

בוירדס קעשענע־זייגערל איז זיין בוזים פריינד, דער נאָענטסטער צום האַרצן. אינעם קלאַפּ פון זיין זייגערל הערט ער זיין אייגענעם האַרץ־קלאַפּ. ציטערט ער דעריבער, אַז אויך דאָס זייגערל זאָל קלאַפּן ריכטיק, פּינקטלעך.

ווי אַ פאַר'משפט'ער, וואָס פלעגט זיך אָנהאַלטן אָן די הערנער פון מזבח, אַזוי האַלט זיך אָן בוירד אָן זיין זייגער — אָן אים, און אָן דאָס בעט־צייג פון זיין בעט.

כאָטש בוירד איז שוואַך און קראַנק, נעמט ער צונויף זיין לעצט ביסל כוחות און בעט אויס און פאַרבעט אַליין זיין געלעגער. די קראַנקנשוועסטער שרייט, בייזערט זיך, וואָרנט אים; אָבער בוירד טוט זיך זיינס.

זיין אַליין מאַכן דאָס בעט, פאַר זיך, שטאַרקט אין אים דאָס געפיל, אַז ער לעבט נאָך, אַז ער איז אַקטיוו.

ניין! ער, בוירד, וועט ניט אויפהערן אַליין מאַכן זיין געלעגער. ער וועט ניט ווייזן קיין שוואַכקייט. וועט ניט געבן דעם מלאך המות

קיין אויסרייד. ער אָטעמט שווער, באַגיסט זיך מיט שווייס; אָבער לאָזט ניט אָפּ די מאַטראַץ און איבערדעק.

**
*

פון די ערשטע אַכט קראַנקע אינעם קליינעם רעכטן פליגל פון וואָרד, זענען איצט געבליבן נאָר צוויי. בוירד איז איינער פון זיי.

זעקס מאָל האָט שוין דער אַלטער בוירד געפילט ווי דער מלאך המות דעקט איבער מיט זיינע שוואַרצע פליגלען איינעם פון זיינע חברים.

ווען מ׳שטעלט, אַרום דאָס בעטל פון גוסס׳ן חבר, דאָס ווייסע ווענטל, ווערט אַנטפּלעקט דער סוד, אַז די נשמה געזעגנט זיך דאָרט מיטן גוף. ווי אַ שוואַרצער, שווערער וואָלקן לאָזט זיך דעמאָלט אַראָפּ דער אומעט, לייגט זיך אַוועק אויפן האַרצן, און דריקט אַזוי, דריקט.

דערנאָך, אַז מ׳נעמט אַרויס דאָס בעטל און דאָס אָרט בלייבט ליידיק, שרייט שטום, אַזוי אומ׳ברחמנות׳דיק די נישטיקייט פון די נאָך־געבליבענע, וואָס מאַטערן זיך נאָך. דעמאָלט נאָגט דער טרויער, נאָגט און לאָזט ניט רוען.

**
*

ביינאַכט, נאָכדעם ווי מ׳האָט אַוועקגענומען דאָס ווייסע ווענטל און אַרויסגעפירט דאָס בעט פון זיין אָקאָרשט־געשטאָרבענעם שכן, און ביי בוירדס בעט האָט זיך אַנטפּלעקט יענע שוואַרצע, מאוימ׳־דיקע ליידיקייט, האָט זיך דער אַלטער תיכף אויפגעהויבן און איז אַרויס אין וואַש־צימער.

פאַרטאָג האָט אים האַרדער געפונען דאָרט זיצן אויפן מיסט־קעסטל. בוירד האָט געגרויכערט אָן אויפהער. זיינע אַש־קאָלירדיקע אויגן האָבן שטאַר געקוקט ערגעץ אַריבער, באַגלייט די רויך־רינגען, וואָס דרייען אוןווירבלען זיך.

ס׳איז קאַנטיק געווען: זיינע געדאַנקען וואַנדערן אויף אַרום צערודערט, דרייען זיך אין געווירבל.

שפּעטער, ווען בוירד האָט באַמערקט האַרדערן, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און געפרעגט: „וויפיל איז דער זייגער, האַרדער?...״

האַרדער האָט אים געזאָגט.

שנעלער ווי אַלעמאָל האָט בוירד אַרויסגענומען פון סוועטער־קעשענע זיין זייגערל, האָט ווי זיין שטייגער איז, לאַנג געקוקט אויף אים, זיך צוגעהערט צו זיין קלאַפּן, האָט אים אַרומגענומען, ווי מ׳נעמט אַרום אַ וואַרימע, גלעטנדיקע האַנט פון אַ געטרייען פריינד, און פאַרזיכטיק צוריק אַריינגעלייגט אין קעשענע אַריין.

אַן אויפגעמונטערטער איז בוירד אויפגעשטאַנען, ווי ס׳וואָלט אים צוגעקומען פרישער כוח. פאַרשוואונדן די מורא פאַר דער דריקנדיקער ליידיקייט ביי זיין בעט, אין זיין וואָרד.

ער האָט ווידער דערפילט אַן אָנהאַלט אין לעבן. האָט זיך אומגעקערט באַרואיקט צו זיין בעט, צו זיין געלעגער, וואָס ער האָט נעכטן ביינאַכט אויסגעבעט מיט זיינע אייגענע הענט.



# 57. אַרום זייגער

מיין גוטן פריינד און ליבן חבר, שאול ראַסקין

**לאַנגע** חדשים האָבן די קראַנקע, וואָס ליגן אין די דריי וואָרדס פון אונטערשטן גאָרן פון שפּיטאָל, ניט געפילט אַז עס פעלט זיי אויס אַזאַ זאַך ווי אַ זייגער.

וואָרום אין דער אמת׳ן האָבן זיי זיך גאָר אין דעם נישט גענויטיקט. די צייטן פון טאָג און נאַכט ווערן פאַר די חולאים פּינקטלעך אָפּגעהיט פון די קראַנקנשוועסטער, און זיי גיבן זיי צו וויסן דורך איינגעשטעלטע צייכנס, וואָס ווערן קיינמאָל ניט געענדערט.

ווען עס בליצט אויף פאַרטאָג דער ערשטער און איינציקער לאָמפּ אין דורכגאַנג־צימער, ווייסן די זריזים צווישן די קראַנקע, וואָס האַלטן זיך אין בעסערן, אַז ס׳איז צייט פאַר זיי אויפשטיין און איינוואַשן זיך. אין וואַש־צימער איז נאָך דאַן שטיל, גרוים. מען טרעט זיך נאָך ניט אָן איינער דעם צווייטן אויף די הינער־אויגן, און מ׳קען זיך פאַרגינען צו נעמען איבעריקע מינוטן ביים וואַש־טישל.

די שוואַכערע חולאים און מאַמעס־קינדער פאַרצויגענע, ווייסן, אַז ס׳איז כמעט צוויי שעה צום אָנבייסן, און ערשט איצט איז די ריכטיקע צייט צו אַריינכאַפּן דעם זיסן פרימאָרגן־שלאָף. זיי דרייען זיך ווידער איין אין זייערע קאָלדרעס, ניורען איין דעם קאָפּ אין וואַרימען קישן און שלאָפן אַזוי ביז זיי דערפילן דעם עסן־געשטעל ביי זייערע פיס און דעם ליבלעכן טאָרק פון דער נוירס: „פאַר־שלאָפענער קאָפּ! צייט אויפצושטיין!״

פונקט זיבן אַ זייגער ווערט סערווירט אָנבייסן.

ווען מ׳פירט אַריין דעם געשטעל־וואָגן צום צווייטן מאָל אין די זאַלן, ווייסן אַלע, אַז די צוויי שעה פון פאַרמיטאָג־רו זענען אַריבער; אַז ווער עס וויל זיך נאָר ניט אינגאַנצן פאַרלאָזן אויפן שפּיטאָל־מיטאָג, האָט אַ האַלבע שעה צייט זיך אַריינכאַפּן אין שפּייז־קראָם און באַזאָרגן זיך מיט אַ סענדוויטש, הלואי זאָל מען עס ניט דאַרפן און קענען איבערלאָזן פאַר אַ צוביים אויף נאָכמיטאָג, צו דער מילך.

ווען די קראַנקנשוועסטער טראָגן צו די „לאַלי־פּאָפּס״ צו נעמען די טעמפּעראַטור, זאָגט עס אַלעמען אָן, אַז אָט־אָט איז איינס אַ זייגער און מען מוז בלייבן רואיק־שטיל ליגן אין די בעטן, ווי די אמת׳ע סטאַטיקעס, ווייל די צוויי־שטונדיקע מיטאָג־רו קומט אָן.

ווען עס הויבט אָן רודערן: דער קראַנקער עולם הוסט זיך אויס און געניצט זיך אויס, און עס באַווייזט זיך דער „פּאָרטער״ מיטן קריגל מילך, איז פאַר אַלעמען קלאָר און באַוואוסט, אַז די וויזערס אויף דעם „סיטי־האָל״ זייגער צייגן איצט: „דריי״.

פון איצט אָן ביז ניין אַ זייגער ווערט אַראָפּגענומען אַ ביסל די שטרענגע השגחה און דער עולם קראַנקע מעג זיך לאָזן אַ ביסל וואויל־גיין: אָמפּערן זיך וועגן ספּאָרט און פּאָליטיק; דיסקוטירן די מאָרד־ און גט־פּראָצעסן, אָדער אָנשטעלן די ראַדיאָס. די געזונטערע חולים כאַפּן אַ קליינעם שפּאַציר און רויכערן מיט איגענעם היתר אַ סיגאַרעט אויף דער וועראַנדע.

פון האַלב נאָך פיר, ביז פינף, ווערט סערווירט אָוונט־ברויט.

דאַן קומען אָן די שפּיל־שטונדן: מ׳שפּילט אין קאָרטן, אין דאַמקעס. די עטלעכע גוטע קעפּ שפּילן אַמאָל אַ שאַך. די ראַדיאָס קאָנקורירן צווישן זיך אין „בליוס״ און „סווינגס״. ערגעץ אין אַ ווינקל טראָגן זיך שטיל־איידעלע קלאַנגען פון אַן איינזאַמער סימפאָניע.

זיבן אַ זייגער כאַפּן אָפּ די קראַנקע דעם אָטעם און דערקוויקן זיך מיט אַ גלאָז קאַלטער, אָדער וואַרימער מילך.

און ווען די נוירס טראָגט־צו צום פערטן מאָל די פּאַפּירענע מעדיצין־קעלישקעלעך, ווייסן אַלע חולים, אַז ס׳איז האַלב נאָך אַכט און מען דאַרף זיך צוגרייטן צום שלאָפן.

ניין אַ זייגער ווערן אַלע לאָמפּן אויסגעלאָשן און די גרויסע רו, די נאַכט־רו קומט אָן.

אַזוי זענען די צייטן איינגעשטעלט, און אָן אַ זייגער ווייסן די קראַנקע געענוי וואו זיי האַלטן אין דער וועלט.

אַזוי, אַז באמת האָט זיך אין די דריי קראַנקנצימערן ניט געפילט קיין באַזונדער נויטיקייט אין אַ זייגער. נאָר, אַז עס האָט זיך אויף האַרדערס מעדיצין־טישל אין לינקן פליגל־וואָרד, האַרט ביי דעם גרויסן פענצטער, באַוויזן אַ וועק־זייגער, איינגעפּאַסט אין אַ פּירקאַנטיק, ווייסער פּלאַסטיק־ראַם, האָבן מיט אַמאָל אַלע קראַנקע פון די אַנדערע צוויי וואָרדס דערפילט אַ באַגער צו וויסן ווי שפּעט עס איז.

מ׳האָט אָנגעהויבן עולה־רגל־זיין אין לינקן פליגל־וואָרד צו האַרדערס טישל, לעבן זיין בעט, צו זען „וויפל איז דער זייגער?״

**
*

כּאָטש אַלע חולים געפינען זיך אין כמעט דער זעלבער לאַגע און די זעלבע אומשטענדן, זענען פונדעסטוועגן ניט אַלע זעערס און איינקוקערס אויפן זייגער גלייך, און ניט אַלעמענס צוגאַנג איז דער זעלבער.

אַ **פרומער איינקוקער** גייט צו צום זייגער בדחילו ורחימו; קאָנצענטרירט זיין גאַנצן זע־חוש; וויל זיין זיכער אַז ער איז, חלילה, ניט טועה אין אַ מינוטקעלע, אין אַ רגע׳לע. ס׳איז דאָך קיין קלייניקייט ניט! מ׳האָט דאָך עפּעס צוטאָן מיטן וויכטיקן עלעמענט פון „צייט" אַליין!

עס קומט צו אַ **צופרידענער זעער**, אַ **דאַנקבאַרער**: מען פילט אין זיין יעדער תנועה און אויסדרוק אויפן פּנים, אַז ס׳טוט אים באמת הנאה וואָס ער האָט געזען דעם זייגער. ער ווייס איצט די ריכטיקע צייט.

אַן **איילנדיקער** לויפט־צו צום זייגער מיט אַ מינע וואָס זאָגט: ער מוז גלייך זען ווי דער זייגער האַלט. ער קען נאָך פאַרשפּעטיקן גאָט ווייס וואָס. זיין לעבן הענגט ממש אָפּ פון אָט דעם קוק אויפן ציפער־בלעטל.

אַ **סקעפּטיקער** גייט זיך צו אַזוי פּאַוואָלינקע צום זייגער. גיט אַ קוק און אויפן פּנים באַווייזט זיך אַן אויסדרוק: אַזוי ווייזט טאַקע דער זייגער, נאָר פונוואַנען איז געדרונגען, אַז די צייט וואָס ער ווייזט איז ריכטיק? אפשר יאָ, און אפשר ניין.

אַ **בעל־תכלית**, זיין פּנים זאָגט: נו, אָט האָב איך שוין אַ קוק געטאָן, איז וואָס איז מיר דערפון אַרויסגעקומען?!

עס גייט דורך אַ **פאַרבייגייער**, כאַפּט אַ קוק אויפן זייגער מיט אַ מינע פון „מהיכי־תיתי". עס שטייט אַ זייגער ניט ווייט פון פענצטער, לאָמיר כאַפּן אַ קוק. שאַדטן קען דאָך עס ניט.

אַ **טובה־טוער** גייט צו צום זייגער מיטן אויסדרוק אויפן פּנים פון „אָט לאָמיר האַרדערן טאָן אַ טובה". אַ מענטש האָט זיך מטריח געווען, אַוועקגעשטעלט אַ זייגער אויפן טישל, דאַרף מען

אַ קוק טאָן. זאָל ער זען אַז דער זייגער ברענגט נוצן; אַז מענטשן נויטיקן זיך אין אים.

און אָט קומט צו אַ **פריער־ווייסער,** גיט אַ קוק אויפן זייגער, גיט זיך אַ קנייטש: איך האָב דען פריער ניט געוואוסט, אַז געגוי אַזוי איז איצט דער זייגער?!

איינער קומט צו און זיין פּנים שרייט ממש אויס: אַזוי פרי נאָך! אַבי איך האָב געמיינט אַז ס׳איז שוין גאָט ווייס ווי שפּעט.

און אַ צווייטנס פּנים זאָגט פּונקט דאָס פאַרקערטע: זע נאָר! שוין אַזוי שפּעט! און איך האָב געמיינט אַז ס׳איז נאָך גאָר פרי.

אַזוי גייען די קראַנקע צו, און גייען פאַרביי דעם זייגער, יעדער מיט זיין באַזונדערן אויסדרוק, יעדער מיט זיינע מינעס און העוויות.

און זיין מאַיעסטעט, דער **זייגער,** דער צייט־ווייזער, שטייט זיך רואיק אויף זיין אָרט; ציילט די מינוטן, די שעה׳ן און טעג, און ווייזט ניט מיט קיין מינע וואָס ער טראַכט פון די אַלע איינקוקערס, ביי זיך אין זיין קלאַפּנדיקער האַרץ.



## 58. אָן אַ לשון

**כמעט** דעם גאַנצן טאָג טרעפט איר קאַפּאַלאָן אויפגעזעצט אין בעט. זיין גרויסע פליכעוואַטע קאָפּ איז אָנגעשפּאַרט אָן די קישנס. זיין אָדלער־נאָז פאַרריסן. זיין פולע, קיילעכדיקע גלאַט־ראַזירטע מאָרדע איז איינגעפּאַסט צווישן צוויי ציילן קנייטשן. קאַפּאַלאָס שוואַרצע אויגן זענען ברייט אָפן, געווענדט צו איין פּונקט. ער זעט אויס ווי פאַרגאַפט, פאַרבליפט.

ווער נאָר ס׳קומט אַריין אין רעכטן פליגל פון וואָרד און קוקט אָן קאַפּאַלאָן, בלייבט שטיין אַ ווילע, טראַכט פאַר זיך: וואו האָט ער געזען אַזאַ מין פּרצוף־פּנים?

ער שטייט און טראַכט. אין זיין זכרון קומט אים אפשר אַרויף אַ

סקולפּטורע פון אַ קיסר, אָדער פון אַ רוימישן סענאַטאָר, וואָס ס'איז אים אויסגעקומען צו זען ערגעץ אין אַ מוזיי. און אפשר דערמאָנט ער זיך גאָר אָן אַ איטאַליענער, וועמען ער האָט געזען שטיין לעבן זיין שטופּ־וועגעלע מיט באַנאַנעס, אויסזינגנדיק די שבחים פון זיין סחורה. דער קאָפּ פאַררייסן אין דער הויך, זיין בליק געווענדט צו די פענצטער פון ריזיקן טענעמענט־„קאַסטן" — אין דערוואַרטונג אַז ווער ס'איז וועט זיך אָפּרופן אויף זיין געזאַנג.

אין אָט אַזאַ מצב פון פאַרבליפטקייט געפינט זיך קאַפּאָלאָ כמעט שטענדיק. ער לייענט ניט קיין בוך. קיין צייטונג. רעדט זייער ווייניק. אינגאַנצן ווי אָפּגעזונדערט פון דעם עולם קראַנקע אַרום. ס'דוכט זיך: קאַפּאָלאָ איז איינגעפרוירן אויף זיין אָרט, געבליבן פאַרשטאַרט, ווי ער וואָלט געזוכט אַ באַשייד אויף עפּעס אַ שווערע פּראָבלעם.

ווען לאַנגוויל באַפאַלט קאַפּאָלאָן, נעמט ער אַרויס פון טיש־קעסטל אַ טעשל קאָרטן, טיילט זיי איין אין „צוויי הענט" און ער שפּילט אַ לאַנגע צייט מיט זיך אַליין.

ווען ער ווערט מיד און ענדיקט דאָס שפּיל, וואַרפט אים באַלד צו דער חולה האַרדער, וואָס ליגט אַנטקעגן אים, די פראַגע:

— נו וואָס, קאַפּאָלאָ? ווער האָט היינט פאַרלאָרן, דו צי דיין פּאַרטנער?

כאָטש די זעלבע פראַגע חזר'ט זיך איבער איטלעכס מאָל, צעגיסט זיך אויף קאַפּאָלאָס פּנים אַ נחת־רוח שמייכל, אַזוי ווי ער וואָלט עס געהערט צום ערשטן מאָל, און ער ענטפערט:

— פּאַרטנער לאָשט. (מיין שותף האָט פאַרלוירן).

***

זיבן און דרייסיק יאָר געפינט זיך שוין קאַפּאָלאָ אין אַמעריקע. ער פאַרשטייט אַ סך ענגלישע ווערטער, אָבער אַליין קען ער נוצן בלויז געציילטע עטלעכע ווערטער. דעם „סמך" רעדט ער אַרויס ווי אַ „שין".

ווען ער איז אַהער געקומען פון איטאַליע, האָט קאַפּאָלאָ גע־אַרבעט שווער אַ סך יאָרן ביי גראָבן טונעלן און ביי פּלאַסטערן וועגן. זיינע לונגען זענען קראַנק געוואָרן און ער האָט געמוזט אַ לענגערע צייט ליגן אין שפּיטאָל. ס'איז שוין ס'דריטע מאָל, אַז ער ליגט דאָ אין דעם גרינלאַנד שפּיטאָל. צוויי מאָל איז ער געזונט געוואָרן און מ'האָט אים אַרויסגעלאָזט. אָבער באַלד ווי ער האָט זיך צוריקגענומען צו זיין שווערער אַרבעט, איז ביי אים אַ לונג ווידער קראַנק געוואָרן און ער האָט געמוזט צוריקקומען.

דורך די יאָרן, וואָס קאַפּאָלאָ האָט פאַרבראַכט אין שפּיטאָל, איז ער געלעגן אין פאַרשיידענע וואָרדס. ער איז גוט באַקאַנט מיט די אַלע בנינים פון גרויסן שפּיטאָל. ער ווייסט די נעמען פון די אַלע דאָקטוירים, כאָטש אַרויסזאָגן זיי קומט אים אָן שווערלעך. איבערהויפּט זענען אים גוט באַקאַנט די אַלע אויפזעערינס און די נוירסעס. זיי אים — קענען אויך גוט. ווען ס'טרעפט און עס קומען אַריין אין רעכטן פליגל נוירסעס פון אַנדערע וואָרדס, און זיי דער־זעען קאַפּאָלאָן, קומען־זיי־צו צו זיין בעט און פרעגן זיך נאָך ווי ער פילט זיך. קאַפּאָלאָ ענטפערט זיי מיט הכנעה'דיקער צופרידנקייט:

— אָ רייט, מיש קענעדי!

— אָ רייט, מיש בלעיק!

דער חולה מעקגריידי — אַ דם־שונא פון „פאַרעיניערס", וואָס לא די וואָס זיי האָבן פאַרכאַפּט זיין אַמעריקע, האָבן זיי זיך אפילו ניט אויסגעלערנט די שפּראַך פון לאַנד — לאָזט ניט דורך קיין געלעגנהייט אַ שטאָך טאָן קאַפּאָלאָן מיט אַ שאַרף וואָרט. ווען די נוירסעס פאַרלאָזן דעם וואָרד, און קאַפּאָלאָס געזיכט שיינט אויף פון צופרידנקייט, וואָס זיין זכרון און זיין צונג זענען אים בייגע־שטאַנען ביים ענטפערן די קראַנקנשוועסטער — גיט מעקגריידי באַלד אַ שאַרף זיין גיפטיקן צונג:

— אַוודאי קען „אַ שפּיטאָל־באָם", וואָס וואַלגערט זיך דאָ אַרום שוין צען יאָר, געדענקען די נעמען פון די אַלע וואָס אַרבעטן פון זיינטוועגן, און ער איז זיי מקבל פנים מיט כלומר'שטער זיס־

קייט. אָבער ביז ווי לאַנג וועט אַזאַ אייזל־קאָפּ, ווי דו, זיך ניט אויסלערנען אַרויסצורײדן דאָס וואָרט „מיס״, און האַלסט נאָר אין איין מישן און מישן: מיש! מיש!

קאַפּאָלאָס פּנים ווערט אינגאַנצן רויט, צאָרנדיק. ער ענטפערט אָפּ מעקגריידין מיט כעס:

— יושעלף האָשפּיטאָל־באָם!

עס טרעפט, אַז מעקגריידי זעט ווי קאַפּאָלאָ זיצט אַזוי פאַר־גאַפט, נעמט ער אים רייצן און רגז׳ענען:

— כ׳קאָן זאָגן באַשטימט מיט וואָס עס איז איצט באַשעפטיקט קאַפּאָלאָס פאַרטעמפּטער מוח: ער טראַכט זיכער וועגן דעם מאַל־פּעלע, וואָס פלעגט אַרומטאַנצן אויף זיין צעדריפּעטער קאַטערינקע.

אין מעקגריידיס באַמערקונג דערפילט קאַפּאָלאָ אַ ביס פון אַ שלאַנג. ער פאַרשטייט, אַז דאָס איז אַן אָנצוהערעניש, אַז ער, קאַפּאָלאָ, איז געווען אַ קאַטערינשטשיק, און ניט קיין ערלעכער האָראָפּאַשניק — רעגט עס אים אויף ביז די טיפסטע טיפענישן פון זיין נשמה. זיין פּנים ווערט אָט רויט, אָט בלאַס, פאַרקרעמפּט. ער שרייט אויס ביטער קעגן מעקגריידין:

— באַורי דראַנק! באַורי דראַנק!

(אַ שיכור, וואָס וואַקלט זיך אַרום אויף דער באַורי גאַס)

נאָך אַזאַ אויפרעגונג בלייבט קאַפּאָלאָ אַ דערדריקטער, אַ פאַר־אומערטער. אַ לאַנגע, לאַנגע צייט זיצט ער אַזוי אינגאַנצן פאַרטאָן אין זיך, — אַ פאַרשעמטער. זיין פּנים איז פינצטער, די צוויי ציילן קנייטשן פון ביידע זייטן קין, וואָס גיבן צו זיין אויסזען אַ מין חשיבות, הענגען איצט לויז, ווי אַ פּאָר פאַרוועלקטע זעקלעך.

קאַפּאָלאָ דערמונטערט זיך און קומט צו זיך, ערשט, ווען ס׳דערהערט זיך אויף דער ראַדיאָ אַ מעלאָדיע פון אַן אָפּערע, אָדער ווען אַ באַרימטער זינגער זינגט אַן אַריע פון ווערדין. ווי מיט אַ כישוף טוט זיך אָפּ פון אים דער אומעט. קאַפּאָלאָס פּנים צעשטראַלט זיך. פון מויל רייסט זיך אַרויס אַ פרייד־אויסרוף:

— לאַ מוזיקאַ!

▼

שלמה דמשק

# 59. אָסיען

דריי טעג איז דוואָרין ניט אַרויס פון קראַנקנצימער, צו שפּאַצירן צווישן די ביימער־אַלייען נאָך די מיטאָג־רו־שטונדן, ווי ער פלעגט עס טאָן אַלע טאָג אין די זומער־חדשים. אָט דער שפּאַציר האָט אין דוואָרינס געדאַנק געהייסן: „אַ שפּאַציר פון דערוואַכונג". ער גייט אַרויס אויסצופּרואוון זיינע אויפגעלעבטע כוחות, אָפּצוטרייסלען פון זיך דעם פיל־יאָריקן שטויב, דעם שווערן שימל, וואָס די שפּיטאָל לופט האָט אָנגעלייגט אויף זיין קערפּער און זעל.

אַ פּריצייטיקער אָסיען־ווינט האָט געהאַלטן אין איין בלאָזן די לעצטע עטלעכע טעג. אַ טריבער רעגן האָט געגאָסן, געקלאַפּט מיט טעמפּע פינגער אויף די שויבן. געדיכטע טומאַנען זענען געהאַנגען אין דער לופט, זיך שווער צעלייגט אויף די געביידעס, קוסטעס און ביימער. די דעמפּקייט איז אין די ביינער געקראָכן, און אויפן האַרצן האָט דער אומעט געדריקט ווי אַ שטיק בליי.

איינגעוויקלט אין קאָלדרע, אינגאַנצן אַ צוזאַמענגעקנוילטער, איז דוואָרין געלעגן אין בעט. זיינע אויגן האָבן אומגעוואַנדערט איבער זיינע חברים־קראַנקע, וואָס ליגן צוזאַמענגעקוועטשט, צונויפגעקאָר־טשעט אַזוי ווי ער. די מערסטע פון די חולאים זענען געשלאָפן. אַנדערע האָבן געגעניצט, שטאַר געקוקט אַרום זיך. אַ טייל האָבן די אויגן צו די פענצטער געווענדט, געבענקט, אויסגעגאַנגען נאָך אַ שטראַל זון.

דוואָרינס אויגן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף די פּנימ'ער פון דעם בעגער פּעטערסאָן און דעם פּוילישן פּויער סטאַך, וואָס ליגן אַנטקעגן אים, איינער לעבן דעם צווייטן.

ווי שטאַרק געשוואָלן פּעטערסאָנס געזיכט איז די לעצטע טעג! זיין הויט האָט באַקומען אַ ווייס־געלבלעכן קאָליר. דער טויט צייכנט שוין זיינע סימנים אויף אים. פון דער כסדר'דיקער געזע־

געריי אין זיין ברוסט־קאַסטן, איז קלאָר געווען, אַז פּעטערסאָן אָטעמט זייער שווער.

און סטאַך — אַט דער עלנטער חולה, וואָס האָט קיין קרוב און קיין פריינד, האַלט שוין לאַנג אויף, ממש מיט נסים, זיין בישטיקן לעבן. זיין איינגעשרומפּענער גוף, וואָס זעט אויס ווי אַן איינגעדאַרט קינדער־קערפּערל, ווערט אינגאַנצן פאַרלוירן אונטער די קאָלדרעס. טעג גייען פאַרביי און מ׳הערט פון סטאַכ׳ס מויל קיין פּיפּס ביט. אפילו די חברים וואָלטן פאַרגעסן, אַז עס געפינט זיך צווישן זיי אַ חולה מיטן נאָמען סטאַך, ווען ניט די צוויי גרויסע לעכער פון זיינע איינגעזונקענע, ס׳רוב פאַרמאַכטע אויגן, און די צוויי טיפע גריבער פון זיינע איינגעפאַלענע באַקן, וואָס זעען אויס ווי פיר אָפענע מיילער, און שרייען אויף אַן אומהיימלעך־שטומען לשון פון דער איינגעשרומפּטער, פאַרמעטענער הויט.

אַמאָל דערמאָנט ער זיי וועגן זיך, מיט אַן איינציק פאַרדומפּן וואָרט, וואָס ווערט שוידערלעך־אומגעריכט אַרויסגעוואָרפן פון סטאַכ׳ס דינע, בלאַס־בלויע ליפּן, ווען אַ חבר גייט פאַרביי זיין בעט:

— אַ סיגאַרעט!

***

ביינאַכט האָט אויפגעהערט רעגענען. ס׳האָט אָנגעהויבן בלאָזן אַ שטאַרקער ווינט. האָט געקלאַפּט אין די פענצטער און אָנגעזאָגט אַז ס׳קומט מאָרגן אַ ליכטיקער, טרוקענער טאָג.

אַז דוואָרין איז אויפן פערטן טאָג אַרויס אַ ביסל זיך דורכ־שפּאַצירן, האָבן די לינדן־ביימער אים אַנטקעגן געשטרעקט זייערע נאַקעטע צווייגן. געלע, פאַרוועלקטע בלעטער — ווינט־קרבנות — האָבן זיך אין זייער געפאַלנקייט געטוליעט הורבעסווייז צו די קאַלטע אַספאַלט טראַטואַרן.

אַ פריצייטיקער בלעטער־געפאַל... די ביימער זענען שוין

פון זייער פּראַכט אויסגעטאָן — האָבן אומעטיקע געדאַנקען שווער געמאַכט דוואָרינס האַרץ.

דוואָרין האָט צוגעשפּאַצירט צו דער באַנק, ביים צווייגהאָפטיקן לינדן־בוים, וואו ער רוט זיך שטענדיק אָפּ בעת׳ן שפּאַצירן. ער האָט דאָרט געפונען דעם חולה טוירנער, זיצנדיק, ווי תמיד, אויפן עק באַנק, רויכערנדיק זיין ליולקע אין אַ פּיל־באַדייטנדיק שווייגעניש.

דוואָרין האָט זיך צוגעזעצט אויף דער באַנק. זיינע שטעק־שיך זענען אַריין אין דעם בלעטער־געדעק ביים שטאָם פון בוים. די בלעטער האָבן אַ טרוקענעם קרעכץ געטאָן. דוואָרין האָט אויפגעציטערט. אויף שנעל זיינע פיס אַרויסגענומען פון צווישן די בלעטער. האָט פאַר זיי אויפן אויגנבליק קיין אָרט ניט געפונען. זענען זיי פאַר אַ ווײַלע הענגען געבליבן אין לופטן.

אומעטום האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט די געלע בלעטער מיט די דאַרע אָדערן. דוואָרינס געמיט איז טרויעריק געווען:

„אָט אַזוי צאַנקען לעבנס אין צער, אין שטומען;

אָט אַזוי ווערן פאַרוועלקטע, צעטראָטן די בלומען".

האָט דוואָרין אָפּגעקערט זיין בליק פון די בלעטער, און אַ ווענד געטאָן די אויגן צו דעם שטעג וואָס פירט צום ים. פון דאָרטן האָבן צו אים געוואונקען מיט זייער שטענדיקער גרינקייט די שורות דעמבעס. זיי האָבן גערוישט מיט זייערע בלעטער, געזונגען פון גרויס שפע פון זאַפט און קראַפט.

„מי יחיה ומי ימות";

„מי בקצו ומי לא בקצו".

האָט דוואָרין ביי זיך אין האַרצן געטראַכט.

זיין שכן טוירנער, ווי ער וואָלט מיטגעטראַכט מיט דוואָרינען, האָט אַ ווײַלע זיין ליולקע פון מויל אַרויסגענומען, און אַ זאָג געטאָן:

„אויך דאָ, אין דער זאַמדיקער ערד, האַלטן די שטאַרקע אויס. זייער זאַפט ווערט ניט אויסגעטרוקנט און זייער גרינקייט פאַרוועלקט ניט. אָבער די שוואַכע זענען די ערשטע קרבנות, ווי נאָר עס רירט זיי אָן דער ערשטער האַרבסט־ווינט".

***

אַז דוואָרין איז אַריין צוריק אין קראַנקנצימער האָט ער ביי פּעטערסאָנס בעט געפונען זיצנדיק זיין ברודער און שוועסטער. פון זייערע צערודערטע בליקן און אומרואיקע באַוועגונגען איז נישט שווער געווען צו דערקענען, אַז זיי וויסן גענוי ווי קריטיש זייער ברודערס צושטאַנד איז: זיי פאַרשטייען, אַז אָט דער באַזוך איז אפשר דער לעצטער.

פיבערנדיק, מינוטנווייז אין האַלוצינאַציע און מינוטנווייז מיט אַ קלאָרן פאַרשטאַנד, האָט פּעטערסאָן גערעדט, געשעפּטשעט.

די שוועסטער האָט מיט איר טיכל געפאָכעט, אַוועקגעטריבן אַ בייזע פליג, וואָס איז זשומענדיק אַרומגעפלויגן אַרום חולה׳ס קאָפּ. זי האָט זיך גלייכצייטיק געמיט דורך אָט דעם פאָכן צו באַהאַלטן און פאַרדעקן איר שווערן אומעט, דער קראַנקער ברודער זאָל עס נישט באַמערקן.

פּעטערסאָנס שעפּטשען איז אַלץ שוואַכער און שוואַכער גע־וואָרן. שווער אָטעמנדיק האָט ער נאָך גערעדט וועגן זיין ליבשאַפט צו זיין פאַמיליע, און איבערגעע׳חזר׳ט כסדר אַז ער האַלט ביים שטאַרבן. די שוועסטער האָט געפּרואווט אים טרייסטן און ניט אויפגעהערט פאָכן מיטן טיכל.

***

באַלד נאָכדעם ווי מ׳האָט אויסגעלאָשן די לאָמפּן אין צימער, איז די קראַנקנשוועסטער צוריק אַריינגעקומען, האָט לאַנג באַטראַכט פּעטערסאָנס געזיכט מיט איר עלעקטריש לעמפּל און — האָט אים איבערגעדעקט מיט אַ ליילעך.

די חולאים, וואָס זענען נאָך געלעגן מיט אָפענע אויגן, האָבן אויפגעשוידערט. פון טייל חולאים האָט זיך געלאָזט הערן:

„גאָט, בענטש זיין נשמה! זאָל ער רוען אין פרידן״.

אַרום האַלבע נאַכט האָט די קראַנקנשוועסטער צוזאַמען מיט אַ באַדינער אַרויסגעפירט אויך סטאַב׳ס בעט.

כמעט אַלע חברים זענען געווען פּאַרזונקען אין שלאָף. זיי האָבן ניט געהערט ווי מ׳האָט דאָס בעט אָוועקגענומען. דוואָרין, וואָס ליגט אָפּט שלאָפלאָז אין די נעכט, און איז איצט אויך געווען וואַך, האָט מיט אַ חבר׳ישן טרויער־בליק באַגלייט דאָס בעט מיטן טויטן גוף פון איינזאַמען סטאַך.

אַ צעווייטיקטער האָט ער געטראַכט: נאָך אַ פאַרוועלקט בלעטל האָט זיך אָפּגעריסן, פאַרטראָגן געוואָרן. אויך דאָ אין קראַנקנצימער האָט זיך פּריצייטיק אָנגעהויבן דער בלעטער־געפאַל.

אין זיינע אויערן האָבן אָפּגעקלונגען טוירנער׳ס ווערטער:

...„אָבער די שוואַכע, זיי זענען די ערשטע קרבנות, ווי נאָר עס רירט זיי אָן דער ערשטער האַרבסט־ווינט״.



## 60. בעט־שכנים

**וואַנדי** אַנריקעצ׳עס פּנים איז אינגאַנצן פאַרשפּיצט. די באַקן־ביינער סטאַרטשען אַרויס בולט פון דער פאַרמעטענער הויט אין איינגעפאַלענעם פּנים. דער קין איז שמאָל און פאַרשאַרפּט. זיינע ליפּן דינינקע. די אָדלער־נאָז זיינע איז אויסגעצויגן. אַנריקעצ׳עס שוואַרצע, ברענענדיקע אויגן, קוקן ביסטרע אַרויס פון די טיפע לעכער. אויף דער נאָז טראָגט ער אַ פּאָר ברילן, זענען די גלעזער אַריינגעזעצט אין דין־דינעטשקע רעמלעך. דער שטערן זיינער איז הויך, און די שלייפן שאַרבנדיק־בולטע. זיינע עטלעכע שיטערע האָר זענען ס׳רוב צעפּודלט, זעען אויס אַרום זיין פּליך ווי אַן איינגעפאַלענער צאָם מיט פאַרשאַרפטע שפּיצן. ווען ער עפנט זיין מויל ווייזן זיך דריי געלע שפּיציקע ציינער.

זיין גאַנצער פּנים ווייזט אַ מורא׳דיקע עקשנות.

וואַנדי האָט טאַקע זיינע אייגענע איינגעשטעלטע מיינונגען,

באַזונדערע אויפפירונגען און מידות, און מאָדנע גענגעלעך אַזוינע, וואָס פירן אָפטמאָל צו מחלוקת מיט די אַנדערע חברים אין קראַנקנצימער.

וואַנדי האָט גראָד ליב צו טאָן טובות און אַרויסהעלפן אַ פריינד מיט וואָס ער קאָן. די געשמאַקע מיטאָגן און די טאָרטן, וואָס עס ברענגען אים זיינע פריינט פון אַמאָל, די קיכערס און די בעקערס, — מיט וועמען ער האָט צוזאַמען געאַרבעט אין האָטעלן און רעסטאָראַציעס — צעטיילט ער שטענדיק מיט אַ ברייטער האַנט צווישן די חברים. אָבער בשום אופן קאָן מען ביי אים ניט פועל'ן, ער זאָל פון אַ חבר נעמען וואָס ניט איז. פרואווט אימעצער אַמאָל אים מכבד זיין מיט עפּעס אַ נאַשעריי, בלייבט ער באַ־ליידיקט פון וואַנדיס אָפּזאָג.

געווען אַ צייט, ווען וואַנדיס ראַדיאָ איז געווען די איינציקע אין וואָרד, האָט מען נישט געקענט ביי אים פועל'ן ער זאָל אויסקלייבן עפּעס פון די ראַדיאָ־פּראָגראַמען, וואָס אַלע חברים האָבן ליב צו הערן. וואַנדי האָט געהאַלטן אין איין אַרומדרייען דאָס רעדעלע און געשפּילט כסדר אויף דער ראַדיאָ שטיקלעך און ברעקלעך, אַלט־פּרענקישע מעלאָדיעס, און אַלץ אין אַזעלכע שפּראַכן, וואָס פאַר דעם רוב חברים זענען זיי געווען אומפאַר־שטענדלעך.

וואַנדי האָט ליידנשאַפטלעך ליב צו דיסקוטירן און אַרגו־מענטירן. ווען ער פירט מיט אימעצן אַ דיסקוסיע, ווערט ער שטאַרק צעקאָכט. עס דוכט זיך צומאָל, אַז דאָס פליטע־פייער, ביי וועלכער וואַנדי איז זיין גאַנץ לעבן אָפּגעשטאַנען, געקאָכט, גע־באַקט און געבראָטן, — און וואָס האָט אויסגעטריקנט דאָס מאַרך פון זיינע ביינער — הערט נישט אויף צו העשען אין זיין סקעלעטן־קערפּער, און רייסט זיך אַרויס פון זיין מויל מיט הייסע רייד און צעפלאַמטע ווערטער.

ווען מען באַטראַכט אַנריקעצ'ן בעת ער איז אַזוי צעפלאַמט, מ'קוקט זיך גוט איין אין זיין אָפּגעצערטן, איינגעטריקנטן, בזיר'יש

פנים, און אין זיינע אויגן, וואָס ברענען מיט אַן אומהיימלעך פייער, זעט ער דאַן אויס, ווי ער וואָלט נאָר־וואָס אַראָפּ פון איינע פון די בילדער פון זיין גרויסן לאַנדסמאַן, על גרעקאָ, און האָט זיך פאַר־קליבן אַהער אין בעט, אין קראַנקנצימער פון שפּיטאָל.

וואַנדיס מויל ווערט נישט מיד פון שמועסן און פון כעס׳ן זיך. ווען ער האָט שוין ניט אויף וועמען צו בייזערן זיך, צאָרנט ער אויף זיך אַליין. און ניט איינמאָל הערט מען ווי ער שרייט אויף זיך גופא: שאַט! שאַט!

אַז האַרדער, וואָס איז געוואוינט צו ריידן אויפן וואונק, הערט ווי אַנריקעץ בייזערט זיך און שרייט אַן אויף שפּאַניש אויף זיך אַליין, גיט ער אָפּט צו אים אַ זאָג: „דערצייל מיר נאָר, וואַנדי ליבער, ווען מאַכסטו דאָס דאָרטן די מי שברך׳ס? אפשר ביסטו דאָרט מיך אויך מכבד, לאָז־זשע מיר וויסן, וועל איך דיר כאָטש געבן אַ דאַנק פאַר דעם".

דאָ גיט שוין ראַילי, וואַנדיס בעט־שכן, אַ וואָרף צו: „זאָל איך פאַרדאַמט און פאַרשאָלטן זיין, אויב וואַנדי האָט דאָרט איצט ניט מזכיר־נשמות געווען זיינע שפּאַנישע גראַנדן און דאַנען, די פאַרדאַמטע הינטישע זין, וואָס האָבן צעטרעמפּלט זייער שיין לאַנד".

***

דער דריי־און־פופציק יאָריקער ראַילי איז אַ מאַטראָס בן מאַטראָס, — אַן אמת׳ער ים־מענטש. די מערסטע יאָרן זיינע האָט ער פאַרבראַכט אַרבעטנדיק אויף פּאַסאַזשיר־ און לאַסט־שיפן, פון פאַרשיידענע שיף־געזעלשאַפטן. ער איז שוין אויסגעפאָרן איבער אַלע ימ׳ען און טייכן אין אַלע עקן וועלט. ער האָט אויך געאַרבעט אין קוילן־ און קופּער־מינעס. אָבער נישט די שווערע אַרבעט האָט זיין פעסטגעבויטן קערפּער צעבראָכן און אים אין דער שווינדזוכט אַריינגעטריבן. געבראַכט דערצו האָט, ווי ראַילי גיט אַליין צו, דאָס גלעזל משקה, וואָס ער האָט זיך מיט דעם נישט געקענט שיידן. האָט נאָר זיין פוס זיך אַראָפּגעשטעלט אויף יבשה, האָט עס אים

באַלד געצויגן צו די ביליקע שענקען, וואָס געפינען זיך אויף יעדן שריט און טריט אין די האָפן־שטעט. און אין די „פּראָהיבישאָן״ יאָרן, האָט ער זיך אָנגעזופּט מיט אַלערליי פאַרדעכטיקע משקאות, מיני געמישעכצן פון ניט־געלייטערטן אַלקאָהאָל און נאַפט, פאַר־בראָקטע מיט הארבע געווירצן, וואָס האָבן אים געשטיקט אין האַלדז, האָבן צעפרעסן זיין גאָרגל און צעברענט די געדערים.

ראַיליס אויגן זענען בלוילעך־גרוי. דער קאָליר זייערער בייט זיך מיט די שטונדן פון טאָג. זיינע שוואַרצע האָר זענען גרוי געוואָרן פאַר דער צייט.

ראַיליס דאַרע, האָריקע אָרעמס, זענען טאַטואירט מיט פאַר־שיידענע קליינע געמעלעכצן. נאָר די שוואַרצע, געדיכטע האָר פאַרדעקן די מעווע מיט די צעשפּרייטע פליגל, דעם מאַטראָס מיט זיין ליב־האַרציק מיידל און די „שעמראָק־בלעטער״. זיי זעען אויס, ווי זיי וואָלטן זיך פאַרקליבן און באַהאַלטן צווישן ווילדע געוויקסן און געדיכטע גראָזן.

איבער זיין שוואַך געזונט גאָלט זיך ראַילי ניט־אָפט, און זיינע האָריקע, דאַרע באַקן זעען אויס שמוציק. ווען האַרדער, דער חולה אַנטקעגן אים, האָט אַמאָל געלאָזט פאַלן אַ באַמערקונג, אַז אפילו ניט־געגאָלטערהייט איז קענטיק אַז ראַילי האָט אַמאָל געמוזט זיין אַ פאַרשוין אַ מאַטראָס, האָט אין ראַילין אויפגעפלאַמט זיין אַמאָליקע שטאָלצקייט אויף זיך, האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט און אַרויס־געשאָסן פון מויל:

„מעג מיך דער טייוול נעמען אויב דו, האַרדער, האָסט ניט געטראָפן! איך בין אין מיינע יונגע יאָרן געווען אַ יונג מיט ביינער. די מיידלעך, מיינע שול־חבר׳טעס, פלעגן זיך אַרומרייסן, ווער פון זיי זאָל פאַר מיר טראָגן מיין פעקל ביכער. און בחור׳וויז, ווען כ׳פלעג אַ טאַנץ טאָן אַן איירישן דזשיג, האָבן זיך צעצונדן די הערצער און צעגליט די אויגן ביי די מיידן, וואָס זענען געווען פאַרליבט אין מיר״.

דער אָפּנהאַרציקער ראַילי האָט אויך אַן אָפענעם פּנים. און

אַזוי איז ער אויך אין זיין ריידן — נישטאָ קיין סימן פון פאַרדעקן, פון ניט דערזאָגן.

ראַילי האָט אַ סך געזען אין זיין לעבן. ער איז אַ ידען אין אַלע ים־וועגן. אים זענען קלאָר די פּאָרטן פון אַלע קאָנטינענטן. ער איז בקי אין די פלאָט־געשיכטעס פון אַמעריקע, ענגלאַנד און אירלאַנד. אויך אין דער תורה פון נאַוויגאַציע און אַלע אירע שיטות, איז ער אַ גרויסער מומחה. ער קען אויך די לעבנס־געשיכטעס פון באַרימטע קאַפּיטאַנען און פון באַוואוסטע פּיראַטן.

ראַילי פאַרשטייט ווי צו דערציילן אַ מעשה, און האָט ליב צו דערציילן. זיינע אַ מעשה איז מיט אַלע פּרטים און קליפּערלעך, דורכגעפלאָכטן מיט די ווערטלעך פון זיין פאַרשטאָרבענעם טאַטן, „דהי אָלד מען״, וואָס האָט מיט אים ראַילין, געקנעלט די ענינים פון נאַוויגאַציע, נאָך אין די פריע אינגל־יאָרן.

ראַיליס אַ שמועס, ווי דער שמועס פון יעדן מאַטראָס, איז אויסגעטאָן פון בושה, איז אָפן און נאַקעט, אָנגעפּיקעוועט מיט אַלע עלעמענטן פון דער וואולגאַרער גאַסן־שפּראַך. דער אַדיעקטיוו „גאָט־פאַרדאַמטע״ גייט פון זיינע ליפּן ניט אַראָפּ. דערצו זענען די זאַצן באַפּעפערט מיט אַנדערע מיני קללות און זידל־ווערטער. אָבער פּאָרט פילט זיך ניט אין ראַיליס שמועסן אַזוי שטאַרק דאָס פאַרשוועכן פון לשון, צוליב דער נאַטירלעכקייט, און צוליב דעם, וואָס זיין אופן ריידן איז ווי אָנגעמאָסטן צו זיין גאַנצן געדאַנקען־גאַנג, אין וועלכן ס׳מערקט זיך גאַנץ אָפט אַ היפּש־ביסל קינדישקייט.

**
*

ווי בעט־שכנים האָבן זיך וואַנדי אַנריקעץ און ראַילי שטאַרק דערנעענטערט. זיי שמועסן באַנאַנד און קריגן זיך באַנאַנד. וואַנדי רופט זיין שכן: „מיין חבר און פריינד״, און ראַילי באַטיטלט ס׳רוב זיין פריינד מיט „דאָן קאַרלאָס״. ווען ראַילי זעט, אַז וואַנדי איז אַרומגעוואַשן, אָפּגעראַזירט און זיינע עטלעכע האָר אַרום פּליך צוגעקאַמט, רופט ער אים דאַן אין גוטמוטיקן שפּאַס: „קאַוואַלערא״.

אָבער אַזוי וויביידע האָבן חשק צו דיסקוטירן, רוישט זיך און ס׳קאָכט זייער אָפּט אין זייער ווינקל.

וואַנדי איז אַן אמת׳ער מאמין אין השארת הנפש. ער זוכט צו איבערצייגן ראַילין אַז ער, וואַנדי, זאָרגט זיך כלל ניט וואָס זיין קערפּער ווערט פאַרצערט:

„ניט דער גוף איז דער עיקר, נאָר דער גייסט. און די נשמה עקזיסטירט אויך ווען דער קערפּער צעפאַלט". — אין דעם, זאָגט וואַנדי, איז ער זיכער און גלויבט דערין באמונה שלימה. נאָך מער: ער דענקט אפילו, אַז דער חומר, דער קערפּער, ווערט אויך ניט אינגאַנצן פאַרלוירן, און ווערט געלייטערט נאָך זיין צוזאַמענפאַלן.

ראַילי ענטפערט וואַנדין דערויף:

„דו פלאַפּלסט, גרויסער דאָן קאַרלאָס, ווי אַ קינד. רעדסט נאַרישקייטן. דער קערפּער, דאָס איז דאָך אַ זאַך וואָס האָט אַ ממשות. איך זע עס און טאַפּ עס אָן. עס איז אַ זאַך פון דער ווירקלעכקייט, און ניט עפּעס אַ גאָט־פאַרדאַמטער נאַרישער חלום, וואָס די פאַרשאָלטענע וועלט־אָפּנאַרער האָבן אויסגעטראַכט. דעם גוף קען איך גוט און פיל אים, און ווען כ׳בין געווען ביי די קרעפטן האָט ער מיר פאַרשאַפט גרויס הנאה. אָבער די נשמה — ווער ווייס פון איר און ווער קען זי? כ׳האָב אין מיין לעבן ניט געזען קיין נשמה און כ׳האָב מיט איר קיין עסק ניט. כ׳בין שוין אויסגעפאָרן לענדער, אויסגעשיפט זיך איבער ימ׳ען, און ס׳האָט נאָך ניט פּאַסירט כ׳זאָל אָנטרעפן אַזאַ משונה׳דיקע בריה".

עס טרעפט, אַז אין אַ היציקן וויכוח, אָדער צוליב עפּעס, וואָס ס׳געפעלט ניט ראַילין, זאָל ער גוט אויסזידלען וואַנדין, און אים מאַכן מיט דער בלאָטע צוגלייך. אָבער ווען ער באַמערקט נאָכדעם, אַז זיין שכן האָט זיך באַליידיקט, פּרוּווט ראַילי אים איבערבעטן:

— האַרציקער קאַוואַלעראָ! כ׳בעט דיך, זיי אויף מיר ניט אין כעס און נעם זיך ניט צום האַרצן מיינע זידל־ווערטער. זאָל איך זיין פאַרדאַמט און פאַרשאָלטן אויב איך מיין שלעכטס! דיינע ווילדע גאַנגען, דיין פאַרדאַמטע ראַדיאָ, וואָס דו שפּילסט זיך אַרום מיט איר

גאַנצענע טעג ווי אַ פּיצל קינד, ברענגען מיך אַרויס פון די כלים, לאָז איך מיין צונג לויז ווי אַ הונט, און ביל.

און אַז וואַנדי פרעגט:

— פאַרוואָס טאַקע זאָלסטו זיך ניט צוגעוואוינען צו ריידן אַ ביסל אַ ריינערע שפּראַך?

ענטפערט ראַילי קורץ און שאַרף:

— צום טייוול מיט אַזאַ צבוע׳קישער פראַגע! איך בין ניט קיין מאָראַל־פּרעדיקער, און פאַרלאַנג פון מיר ניט דאָס, וואָס ס׳איז אין מיר ניטאָ. אָבער דו, דו שטראָפער, פאַרוואָס זאָלסטו זיך ניט איבערפּעקלען צוריק צו דיין גלח׳ישער שפּאַניע, און זיך אַריינגעבן דאָרטן אין איינעם פון די מאַנאַסטירן? ס׳זענען נאָך פאַראַן גענוג אַזעלכע פינצטערע נאָרעס אין יענעם גאָט־פאַרדאַמטן לאַנד.

***

כאָטש ראַילי שיקט זיין חבר און פריינד וואַנדין אין קלויסטער, ווייסט ער גאַנץ גוט, אַז דאָרט איז פאַר וואַנדין קיין אָרט ניט. ווארום אין איין זאַך זענען ביידע שכנים גלייך: מיט זייער פאַר־אַכטלעכער באַציאונג צום מאַנאַכנטום און מיט זייער שנאה צו זייערע אָנפירער, — יעדערער אויף זיין אייגענעם שטייגער.

ראַילי, לויט זיינע אייגענע דיבורים, האָט פון זיך אַראָפּ־געוואָרפן דעם יאָך פון קלויסטער, ווען ער איז נאָך אַ קינד געווען. ער האָט פיינט צו זיין אונטערטעניק: „כ׳וועל בעסער פגר׳ן ווי אַ הונט, איידער לאָזן ווען ס׳איז געוועלטיקן איבער מיר. כ׳בין אַליין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר מיינע מעשים און מיינע זינד, און ווער איז עס אַזוינס דער גלח, אַז איך זאָל זיך פאַר אים מתוודה־זיין?!״

וואַנדי, פאַרקערט, גלויבט אין די גייסטיקע כוחות, וואָס ער האַלט אַז זיי הערשן איבער דער וועלט. אָבער ער גלויבט נישט אין אַ רעליגיע, וואָס פאָדערט באַשטימטע פאָרמען פון דינען דעם באַשעפער. ער האַלט נישט פון צערעמאָניאַלן און פרומע ריטואַלן;

און אַוודאי און אַוודאי גלויבט ער ניט אין אַ גאָט אין געשטאַלט פֿון אַ מענטש.

ערב קריסטמעס איז געקומען אין שפּיטאָל אַ שליח פֿון די מיסיאָנערן. ווי דער שטייגער איז פֿון אַזעלכע שליחים, איז ער צוגעגאַנגען צו יעדן חולה באַזונדער, האָט צו אים גערעדט אין נאָמען פֿון דערלייזער, און האָט אַוועקגעלייגט דאָס בינטל „ליטע־ראַטור״ אויפֿן מעדיצין־טישל.

ווען ער איז צוגעקומען צו ראַיליס בעט און געעפֿנט דאָס מויל, האָט אים ראַילי באַלד אָפּגעהאַקט און אים אַ זאָג געטאָן: „אומ־זיסט דיין טרחה, „באַדי״! מיינע חשבונות מיט אַזעלכע פֿלאַפּלערס ווי דו, האָב איך שוין לאַנג אונטערגעצויגן. בעסער גיי און מאַראַטשע די אייזל־קעפּ פֿון יענע, וואָס גלויבן נאָך אין די נאַרישקייטן, וואָס דו פּרעדיקסט״.

וואַנדי, אָבער, האָט ניט דורכגעלאָזט די גאָלדענע געלעגנהייט אַריינצולאָזן זיך מיט דעם מיסיאָנער אין אַ היציקן וויכוח, גיסן פּעך און שוועבל אויף די צבוע׳קעס, וואָס קומען כלומר׳שט אין נאָמען פֿון דער קירך, און אויסן זענען זיי גאָר עפּעס אַנדערש — די קאָסע...

ווען דער שליח איז אַוועק מיט אַן אַראָפּגעלאָזטער נאָז, האָט ראַילי געדריקט וואַנדיס האַנט און אַ זאָג געטאָן:

— האָסט גוט מכבד־געווען דעם ליידיק־גייער, קאַוואַלעראָ! זאָל איך פֿאַרדאַמט זיין, אויב ס׳פֿאַרדריסט מיך ניט, וואָס אַזאַ פּרעדיקער ווי דו, דאַרפֿסט ליגן אין געהאַקטע צרות, דאָ אין דעם פֿאַר׳עיפּוש׳טן „דזשוינט״, ווען אַ זייף־קעסטל אויף איינעם פֿון די גאַסן־ראָגן פֿון דער גרויסער ניו־יאָרק, וואָלט אַזוי פּאַסיק געווען פֿאַר דיר פֿאַר אַ רעדנער־בימה.



שלמה דמשק

## 61. איין טעמע און צוויי נוסחאות

ביי זע ווינטער־ווינטן, שאַרף־שטעכיק, האָבן נאָכאַנאַנד גע־בלאָזן.

אין די קראַנקנצימערן, וואו די פענצטער שטייען אָפן, האָט זיך די קעלט אַריינגעריסן מיט בייזן צאָרן.

איין פרימאָרגן איז אין דעם קלענערן קראַנקנצימער אַריינ־געקומען די פאַרוואַלטערין פון אָפיס פון „סאָשל־סערוויס" און האָט געזאָגט:

„איך גיי איצט דורך די קראַנקנצימערן, זיך דורכצורײדן מיט די חולאים. האָט אימעצער עפּעס אַ בקשה וועל איך עס פאַר־צייכענען ביי מיר אין ביכל".

האָבן פיר חולאים זיך געווענדט צו דער פאַרוואַלטערין מיט בקשות, זי זאָל זיי פאַרזאָרגן מיט וואַרימע העמדער, מיט ווינטער־כאַלאַטן, וואָלענע היטלען און זאָקן.

צווישן די פיר איז אויך געווען ראַילי דער מאַטראָס, וואָס האָט פינף־און־דרייסיק יאָר פון זיין לעבן אָפּגעאַרבעט אויף שיפן, ארומ־פאָרנדיק איבער די ים׳ען צווישן די קאָנטינענטן און פאַרוואָרפענע אינזלען. ראַילי האָט געבעטן די פאַרוואַלטערין מ׳זאָל אים געבן וואַרימע, וואָלענע אונטערוועש. ער האָט געבעטן און דערביי באַ־טאָנט: „געווען ציטן, ווען כ׳האָב געקאָנט פאַרטראָגן קעלט און ס׳האָט מיך ניט געשאַדט. איצטער, אָבער, קריכט מיר די בייזע ווינטערדיקע קעלט אין די אויסגעטרוקנטע ביינער".

די פאַרוואַלטערין האָט אויפמערקזאַם אויסגעהערט יעדן חולה און ביי זיך פאַרצייכנט זייערע בקשות. און אַזוי פאַרצייכנענדיק האָט זי באַמערקט: „אונדזער קליידער־צימער איז איצט, ליידער, כמעט ליידיק. איך פאַרצייכן, אָבער, אייערע בקשות, און לאָמיר האָפן, אַז אינגיכן וועלן מיר זיי קענען דערפילן".

דער באַזוך פון דער פאַרוואַלטערין פון „סאָשל־סערוויס", און ראַילים בקשה, האָבן געגעבן דעם חולה מעקגריידי אַן אויסרייד אַ שליף צו טאָן זיין צונג:

„אַרויסגעוואָרפן דיינע רייד, ראַילי! אומזיסט זיך געמיט! ווייסטו דען נישט, אַז צו אַזעלכע ווי דו הערט מען זיך ווינציק־וואָס צו? האָסט אַ טאָפּלטן „חסרון״: ערשטנס ביסטו געבוירן געוואָרן אין אַמעריקע; צווייטנס רעדסטו צו־גוט ענגליש. ווען וועסטו שוין אַמאָל פאַרשטיין, אַז נישט פאַר דיר און מיר איז געשאַפן געוואָרן די „סאָשל־סערוויס״? שטיי נאָר דאָרטן אַ שטונדע אין אָפיס, וועסטו זען: קומט אַריין אַן אונדזעריקער און בעט עפּעס, רעדט ער צו טויבע אויערן. דאָס בעסטע, וואָס ער קען דערוואַרטן איז, אַז מ׳וועט אים געבן אַן אַלט, אויסגעטראָגן העמד, וואָס האָט אַ לאָך אויף אַ לאָך. קומט אָבער אַריין אַ פרעמדגעבוירענער, אַן „עיילִיען״, און אַז די סעקרעטאַרין פרעגט אים עפּעס, ענטפערט ער: „מיר ניט פאַרשטיין; מיר ניט ספּיקן אינגעליש״, — טראָגט זי אים באַלד אַנטקעגן וואָס ער באַגערט: די בעסטע סוועטערס, די טייערסטע וואָלענע היטלען, און שפּאָגל־נייע שטעק־שיך״.

כאָטש מאַלוסאָן איז שוין געוואוינט געווען צו הערן מעקגריידי׳ס טענות, און האָט ניט איינמאָל געמוזט זיך צוריקהאַלטן פון ענטפערן אָט דעם אָפּגעריסענעם נאַר, ווי ער האָט פאַרדינט, האָט דאָס מאָל דער דאָזיקער „ספּיטש״ אים נאָך מער אויפגעקאָכט. ווי אַלעמאָל אין אַזעלכע מינוטן, איז מאַלוסאָן איצט אויך אַרויס פון קראַנקן־צימער און אַריין אין וואַש־צימער. אָבער דאָס מאָל האָט אויך דאָרטן זיין אויפגעברויזט געמיט נישט געקאָנט זיך איינשטילן.

אויפן מיסט־קעסטל אין וואַש־צימער איז געזעסן סאַלאַדיני מיט דער ליולקע אין מויל, און האָט געהאַלטן איינע פון זיינע וואויל־באַקאַנטע „דרשות״ פאַר עטלעכע חברים, וואָס זענען געווען אויסגעזעצט אויף די שטולן, געגרויכערט און זיך צוגעהערט מיט הנאה.

סאַלאַדיניס „דרשה״ האָט געקלונגען אין מאַלוסאָנס אויערן ווי אַ פּאָרטזעצונג פון מעקגריידיס „ספּיטש״ אויף דער זעלבער טעמע, ווי זיי וואָלטן ביידע זיך געהאַט צונויפגערעדט. נאָר סאַלאַדיניס נוסח איז געווען אַביסל אַנדערש:

„ס'איז דאָך אַן אַלטער, וואויל־באַקאַנטער אמת, האָט סאַלאַדיני געפּלאַמט, אַז די פּאַרוואַלטערינס פון „סאָשל־סערוויס" באַנוצן זיך מיט צוויי מאָסן: איין מאָס פאַר דזשענטעיילס, און אַן אַנדער מאָס — פאַר אידן. קומט אַריין אַ חולה אַ איד און פאַרלאַנגט עפּעס, ענטפערט מען אים באַלד. פאַר אים איז אַלץ גרייט און פאַרטיק. ער באַקומט אַלץ וואָס ער בעט און מאָנט. ווען אַ קריסט, אָבער, קומט אַריין, שטאָפּט מען אים מיט תירוצים, מ'מאַכט אים אָפּגיין די פיס, און צום סוף פּטור'ט מען אים מיט גאָרניט. איר ווייסט דאָך, חברים: „מאָני טאָקס". דער כוח פון „פּול" איז גרויס אין אַמע־ריקע. און דער שליסל צו „פּול" — איז געלט. די „מעזומע"! און וואו שטעקט די מזומן, וואָס קען אַלץ אויפטאָן? — ביי די אידן. ביי די באַוואוסטע באַנקירן! איך חזר איבער און זאָג אייך ווידער, מענטשן, אַז אַזעלכע זאַכן קענען זיך פּאַרלויפן בלויז דאָ, אין דעם לאַנד, וואו מ'צאַצקעט זיך מיט דעמאָקראַטיע. אין אַנדערע לענדער, אָבער, ווייסן די אידן זייער אָרט, און דער זכות פון זייער געלט קען זיי דאָרטן ניט ביישטיין. ניין, מיינע הערן, צוויי מאָל: ניין!"

כאָטש סאַלאַדיניס „נוסח" האָט מאַלוסאָנען נאָך מער אויפ־געבעגט, האָט אָבער זיין בייזע „חכמה" וועגן דעם „פאַרברעכן" פון דעמאָקראַטיע, אַרויסגערופן אַ שמייכל אויף זיינע ליפּן. ס'האָט אים, מאַלוסאָנען, דערמאָנט אָן אַן אַנדער גיפטיקע „דרשה", וואָס סאַלאַדיני האָט געהאַלטן מיט אַ פּאָר טעג צוריק ביים מיטאָג־עסן. ער האָט דעמאָלט אויך צונויפגעפירט אַ וואַנט מיט אַ וואַנט און אַנגעהאַנגען דער דעמאָקראַטיע אַ לונג־און־לעבער אויף דער נאָז. מאַלוסאָנען איז דעמאָלט אַליין נישט איינגאַנצן קלאָר געווען: וואָס אַזוינס האָט אַרויסגערעדט פון סאַלאַדיניס „ספּיטש": זיין רשעות, צי פּשוט'ער אידיאָטיזם.

גורם געווען צו סאַלאַדיניס „ספּיטש" האָבן די לאָקשן, וואָס די קראַנקנשוועסטער האָט דערלאַנגט צום מיטאָג. ווי אַ רויטע טוך פאַר אַ צערייצטן אָקס, אַזוי האָבן סאַלאַדינען אויפגערעגט די לאָקשן, וואָס ער האָט דערזען פאַר זיך. ער האָט באַלד אָן עפּן געטאָן זיין מויל און געגומען פּיסקעווען:

„האָבן מיר גאָרניט קיין אַמעריקאַנער פּאַטראָוועס, וואָס מ'האָלט אונדז אין איין שטאָפּן מיט אַזעלכע פּאַרדאַמטע עסנס? פון ווען אַן געהערן עס לאָקשן צו אַמעריקאַנער מאכלים? די גאַנצע וועלט ווייס אַז ס'איז אַן איטאַליעניש געריכט. און די „שאַ מיין", וואָס מ'האָט אונדז נעכטן צוגעטראָגן צום שיינעם מיטאָג! — איז דאָס אפשר אַן אַמעריקאַנער מאכל?! די כינעזער, די פאַרשווינען פון דער גאָלער ראַסע, זיי לעקן פון דעם די פינגער. אָבער יענקיס? — „נאָ, סערי!" און וואו איז דאָס געזען געוואָרן אַז לעבער־קאָלבאָס זאָל אַרויפקומען אויפן טיש פון אַן עכטן אַמעריקאַנער?! — און ווי קומט מען, אונדז, געבוירענע אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס געפינען זיך נאָך אין אַ שטאָטישן שפּיטאָל, מכבד־צו־זיין מיט אַזעלכע פרעמדע אומבאַ'טעמ'טע שפּייזן?! "ביי גאָלי!" כ'וואָלט געוואונטשן מ'זאָל די געשמאַקע מאכלים שיקן צום פּרע־זידענט אין וואַשינגטאָן, זאָלן זיי אים דאָרט וואויל־באַקומען, אָדער צו די סענאַטאָרן, און זאָלן זיי זיך אויך פּאַסמאַקעווען מיט די דאָזיקע געשמאַקע געקעכצן".

דער אַריינפיר צו סאַלאַדיניס זאָגעכץ, האָט ביי מאַלוסאָנען אַרויסגערופן אַ געלעכטער. ער האָט ביי זיך געטראַכט: קוקט נאָר אַן דעם זון פון איטאַליענישן עמיגראַנט, דעם הייסן מוסאָליני חסיד! — וואָס אין די אויגן פון זיין חבר־אין־שנאה, מעקגריידי, איז זיין פאָטער גאָר פאַררעכנט פאַר אַן „עיילי-ען", און אין שטוב ביי דער מאַמען, דער פראָסטער איטאַליענערקע, האָט מען אים, דעם „יחסן" טאָני, אַוודאי כסדר געקאָרמעט מיט לאָקשן — ווי אַזוי ער וואַרפט דאָס בלאָטע און פאַרשעמט דעם אַזוי הייס־באַגערטן נאַציאָנאַלן מאכל פון זיינע אייגענע לאַנדסלייט! ער, סאַלאַדיני, נעמט זיך איבער, גלייך ער וואָלט געווען פון דורות און דורות אַ יענקי בן יענקי, וואָס באַהיט זאָל ער זיין פון אַריינכעמען אין זיין איידל פּיסקעלע עסנוואַרג, וואָס איז ניט צוגערייט לויט די קאָך־כללים פון קאָלאָמבוסעס מדינה, און טראָגט נישט אויף זיך דעם נאַציאָנאַל־

שטעמפל פון די פאַראייניקטע שטאַטן? קען מען עס הערן און ניט פּלאַצן פון געלעכטער?!

אַז סאַלאַדיני איז אויף אַווילע אַנטשוויגן געוואָרן, האָט אים מאַלוסאָן געפרעגט: צוליב וואָס, סאַלאַדיני, זאָלסטו אַוועקשיקן דעם מיטאָג אַזש צום ווייסן הויז קיין וואַשינגטאָן, ווען דער סיטי־האָל אין ניו־יאָרק איז צו אונדז אַ סך נעענטער? האָסט דאָך אָקאָרשט אַליין געזאָגט, אַז מיר געפינען זיך אין אַ שטאַטישן שפּיטאָל, ליגט דאָך די שולד פון צושטעלן פאַר די חולאים „אומנאַציאָנאַלע" מאכלים אויף דעם מעיאָר פון שטאָט, וואָס איז אונדזער שפּייזער און פאַר־זאָרגער, אָבער וואָס איז דער פּרעזידענט שולדיק?

— ניין! — האָט סאַלאַדיני מיט שוים אויף די ליפּן צוריק־געוואָרפן — נאָר צום פּרעזידענט! שולדיק אין אַלץ, און אויך אין דעם וואָס ס'פעלט פּאַטריאָטיזם, איז די דעמאָקראַטישע סיסטעם, וואָס שטאַמט פון דער הויפּטשטאָט. אָט דער סיסטעם פעלט פעסטקייט, שטאַנדהאַפטיקייט! יעדערער טוט וואָס ער וויל. און מיט „פּול" מאַכט מען דאָ אַלץ.

„פּול" און „מעזומע", וואָס, ווי באַוואוסט, האָבן עס נאָר די אידן, זענען די צוויי אַקסן אַרום וועלכע סאַלאַדיניס פּלאַפּלערייען דרייען זיך, און מיט זיי פאַרענדיקט ער אַלעמאָל זיינע גיפטיק־אידיאָטישע העצערייען.

ממש ווי אָנגעמאָסטן, איז פאַר אַזאַ אָראַטאָר ווי סאַלאַדיני דאָס מיסט־קעסטל, וואָס דינט אים איצט דאָ, אין וואַש־צימער, פאַר אַ טריבונע! — איז מאַלוסאָנען דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, און ער האָט זיך צעשמייכלט.

אָבער, מיניה וביה, איז אין זיין מוח דורכגעלאָפן אַן אַנדער געדאַנק און האָט זיין האַרץ מיט אומעט פאַרקלעמט: געגנוג „פּרע־דיקער" און רעדעס־האַלטער פון סאַלאַדיניס און מעקגריידיס סאָרט, זענען פון די מיסט־קאַסטנס אַוועק און געוואָרן „פּירערס" און „פּאַסטעכער" פון מענטשן־בהמות. זיי, די דאָזיקע דעמאַגאָגן, זענען דאָך דאָס די, וואָס פאַרוואַנדלען פּשוט'ע פאָלקס־מענטשן אין ווילדע חיות, וואָס פאַרצוקן אומשולדיקע לעבנס.



# 62. קבלת שבת

**ווען** גרשוני האָט אַן עפן געטאָן די טיר פון שוהל און פון דערוויטנס האָט אַרויסגעשיינט דער „נר תמיד“, און אויף די בענק האָט ער געזען זיצן עטלעכע אידן, איז אים אַדורך אַ היילעקער ציטער. ענדלעך שטייען זיינע פיס אויף דער שוועל פון אַ שוהל. זיינע ליפן האָבן פון זיך אַליין גענומען שעפטשן:

„מה טובו אוהליך יעקב!... ואני ברוב חסדך אבוא ביתך“...

אַנטקעגן האָט אים אַ שיין געטאָן דאָס פנים פונ'ם ראַביי, זיין פריינד, וואָס באַזוכט אים אָפט אין קראַנקנצימער. דער ראַביי איז גרשונין אַנטקעגן געגאַנגען, אים באַגריסט, און זיך געפרייט צו זען אים קומען אין שוהל אַריין.

***

גרשוני'ס האַרץ האָט זיך אָנגעפילט מיט פרייד: ווי גוט עס איז, וואָס ער געפינט זיך צוריק אונטער איין דאַך מיט אַן עדה אידן! אויף דעם האָט ער דאָך אַזוי לאַנג מתפלל געווען.

ער האָט זיך דערמאָנט אָן אַלע יענע לאַנגע טעג, ווען ער האָט אַזוי שטאַרק געבענקט צו זען דאָס פנים פון אַ אידן. זיין זעל האָט געלעכצט צו זיין אין איין חבורה מיט ברידער פון זיין אמונה. ער, דער איינציקער, האָט געהאַרט און געגאַרט זיך צו מצרף זיין צו אַ מנין — ווערן אַ טייל פון גאָטס עדה.

און נאָך פינף יאָר פון לאַנגן וואַרטן און פאַרצוויגענער האָפע־נונג, געפינט ער זיך, גרשוני, ווידער אין אַ אידישן ציבור. האָט ער אין האַרצן דערפילט ווי זיך אויפצושטעלן און מאַכן די ברכה: „שהחיינו“.

האָט זיך גרשוני גענומען איינקוקן אין די פנימ'ער פון דער עדה אידן, מיט וועמען ער באַקאַנט זיך איצט. די מערסטע זענען געווען זקנים מיט אויסגעלאָשענע אויגן און איינגעדאַרטע, איינגע־פאַלענע באַקן.

די צרות האָבן צעאַקערט די פּנים׳ער, איבערגעלאָזט קנייטשן אויף קנייטשן — צייכנס פון פּיין. קיין באַקאַנטן פּנים האָט דאָ גרשוני ניט געזען. אפשר האָט ער דעם, אָדער יענעם געהאַט שוין פריער באַגעגנט אויף זיינע שפּאַצירן צווישן די אַלייען פון שפּיטאָל, אָבער די אוניפאָרמירטע, קאָלירלאָזע, שפּיטאָל־כאַלאַטן, וואָס וויקלען אַרום די דאַרע גופים פון די חולאים — כאָטש זיי דערנעענטערן זיי, מאַכן זיי פאַר ברידער־אין־ליידן — ברענגען זיי אָבער מיט זיך אויך די אַטמאָספער פון קראַנקנצימער, וואָס מ׳וויל אַזוי שטאַרק פאַרגעסן און אַראָפּטרייסלען פון זיך.

אָבער דאָ, אין די שבת׳דיקע מלבושים, אין דער סביבה פון שוהל, ווערט די פרעמדקייט אַוועקגעווישט. גרשוני פילט, אַז ער איז צווישן ברידער. אפילו יענער קורצער, געפּאַקטער איד, וואָס טראָגט אַ היטל מיט אַ גלאַנציקן דאַשיק, ווי עס טראָגן טיר־היטערס ביי די האָטעלן, און ס׳ווייעט פון זיין גוי׳יש פּנים און אויסטערלישער הלבשה אַזאַ פרעמדקייט, איז, פונדעסטוועגן, איצטער אים אַזוי נאָענט.

**
*

קלאַנגען פון „לכה דודי״ שוועבן אין דער לופט. ס׳הערט זיך דעם ראַביים שטים:

„מקדש מלך עיר מלוכה, קומי צאי מתוך ההפכה״

רב לך שבת בעמק הבכא, והוא יחמול עליך חמלה״.

זינגט נישט דאָ דער ראַבײ פאַר זיינע ברידער, וואָס בעטן אויף דערלייזונג, אַ ליד פון אויפריכטונג, אַן אַלט־נייעם האָפענונג־שיר?

„התנערי מעפר, קומי! לבשי בגדי תפארתך עמי!״...

צי הערט זיך נישט אין די דאָזיקע פערזן זיין אייגענע תפילה? קוואַלן ניט אַרויס פון זיין זעל אָט די ווערטער, וועגן זיך גופא און וועגן די וואָס זיצן דאָ מיט אים?

***

„מזמור שיר ליום השבת" — שא̈לט דעם רא̈ביס קול.

בילדער און געשטא̈לטן פון זיין פא̈רגא̈נגענעם לעבן הא̈בן זיך גענומען דורכטרא̈גן אין גרשוניס געדא̈נק.

א̈ט הערט ער די תפילות פון קבלת שבת פון לייבע דעם פישער, בעת ער דא̈ווענט פא̈רן עמוד אין א̈לטן בית־מדרש.

א̈ פשוט׳ער איד געווען לייבע דער פישער. הא̈ט ניט געוואוסט קיין א̈נשטעל. תמימות׳דיק געדינט דעם אויבערשטן. און זיין דא̈ווענען איז אויך געווען א̈זוי תמימות׳דיק און פשוט בתכלית הפשטות. ס׳איז געווען לייבע דעם פישערס נוסח, מיט וועלכן ער הא̈ט גא̈ט געבעטן, סיי אינדערווא̈כן און סיי צו קבלת שבת.

און א̈ט זעט זיך גרשוני שטיין אין דער כא̈ר־שוהל פון ווא̈רשע. זיך צוהערן צום דא̈ווענען פון חזן גרשון סירא̈טא̈, וואָס הא̈ט אויף אים געמא̈כט א̈זא̈ שטא̈רקן רושם.

א̈לע טעג פון דער וואָך זענען דעמא̈לט, ביי אים, גרשוני דעם עמיגרא̈נט, געווען טעג פון מא̈טערניש און א̈נגסטן, טעג פון ווא̈ג־לעניש און א̈רומלויפעניש פון איין קא̈נסול צום צווייטן. דא̈ס שטיין אין די לא̈נגע רייען ביי די קא̈נסולא̈טן, פון פא̈רטא̈ג ביז שטא̈ק־פינצטער, הא̈ט אויסגעזויגן דעם דם־התמצית; הא̈ט דא̈ס געזונט אונטערגעגרא̈בן און אויפגעטרייסלט די זעל. און ערב־שבת, פא̈ר־נא̈כט, פלעגט ער, גרשוני, א̈ריינגיין אין דער שיינער כא̈ר־שוהל אויף דער טלא̈מא̈צקער גא̈ס.

פון סירא̈טא̈ס זיסער, קרעפטיקער שטימע הא̈בן די ווענט געציטערט. און דער כא̈ר הא̈ט געצויבערט מיט הא̈רמא̈נישע קלא̈נ־גען, א̈זוי זיס־בא̈רואיקנדיק:

„מזמור שיר ליום השבת".

א̈ט די קלא̈נגען הא̈בן עס דא̈ן פא̈רזיסט דא̈ס ווא̈גל־לעבן, הא̈בן דעם כוח בא̈נייט און א̈ריינגעבלא̈זן הא̈פענונג אין הא̈רצן.

און א̈ט הערט גרשוני די תפילות פון קבלת שבת פון זיינע תלמידים אין זייער קינדער־שוהל. וויפיל זיסקייט און פשטות

האָט זיך געפילט אינעם דאַוונען פון יענעם קליינעם חזנ׳דל! ריין און תמימות׳דיק האָט זיך געגאָסן דאָס געבעט פון די קליינע קינדער. ס׳האָט זיך אין זייער תפילה געהערט אַן אָפּקלאַנג פון לייבע דעם פישערס נוסח פון דאַוונען.

***

נאָך מעריב האָט גרשוני געוואונטשן דעם ראַביי „שבת שלום" און געכאַפּט מיט אים אַ קורצן שמועס אויף העברעאיש. איז צו זיי צוגעקומען אַן אַלטיטשקער, מיט אַ פּנים, וואָס דריקט אויס אי באַוואונדערונג, אי נחת־רוח, האָט זיך געווענדט צו גרשונין אויף אויף העברעאיש און איז באַלד אַריבער צו אידיש:

— מדבר בלשון הקודש?! ביי אונדז אין קאָוונע האָט מען קיין העברעאיש ניט גערעדט. אָבער כ׳פאַרשטיי.

— וואָס איז דאָס וואונדער! אַ קאָוונער איד, וואָס האָט אין דער יוגנט געלערנט אין חדר, קען זיכער פאַרשטיין דאָס לשון פון תנ"ך.

— ביסט אַמאָל געווען אין קאָוונע? געדענקסטו אפשר די יאַטקאָווער גאַס? האָסט אפשר געקענט רבי יצחק־אלחנן?

— ניין! איך בין היפּש יונגער פון איידָ. כ׳האָב ניט געהאַט די זכיה צו קענען פּערזענלעך דעם רבן של כל בני הגולה. איך רעכן עס אָבער פאַר אַ זכות, וואָס איך קום פון אַ שטעטל, וואָס דאָרט איז רבי יצחק־אלחנן געווען רב עטלעכע יאָר. ער וואָלט דאָרט זיכער זיך געווען געעלטערט, ווען ניט די נאַוואַרידאָקער אידן, וואָס זענען געקומען און אים „אַרויסגע׳גנב׳עט" ביינאַכט.

דער עולם האָט זיך גענומען פונאַנדערגיין זאָגנדיק „אַ גוטן שבת".

האָט דער קאָוונער זקן זיך אָנגערופן צום ראַביי: „כ׳בעט איידָ, רבי: פאַרגעסט ניט, למען השם, צו ברענגען מיר אַ נייעם לוח. זעט, רבי, כ׳בעט אייך!"

אָט די בקשה האָט גרשונין צוריקגעבראַכט צו דער אַטמאָספער פון אַלטן בית־המדרש, וואו ער איז אויפגעוואָקסן, און האָט זיך דערצויגן, איז אים אַרויפגעקומען אויפן זכרון אַ מעשה שהיה, און ער האָט זיך אָנגערופן צום קאָוונער אַלטיטשקן:

— ביי אונדז אין אַלטן בית־מדרש פלעגט מען דערציילן, אַז רבי יצחק־אלחנן, ז״ל, איז קיינמאָל ניט אַרויס פון הויז אָן אַ לוח אין קעשענע. ווייל ס׳האָט זיך אַמאָל געטראָפן, אַז אַ איד, אַ בעל־עגלה, האָט אים אַ פרעג געטאָן: „רבי, ווען איז דער מולד?״ און רבי יצחק־אלחנן האָט אויפן אָרט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן.

האָט דער קאָוונער זקן ווידער אַ בעט געטאָן דעם ראַביי: זעט־זשע, טייערער רבי, פאַרגעסט ניט דעם קומענדיקן פרייטיק, אם ירצה השם, צו ברענגען מיר אַ לוח!

**
*

ווען גרשוני איז פּאַמעלעך אַראָפּ פון די טרעפּ אין גאַס אַרויס, זענען זיינע אויגן געפאַלן אויף אַ דאַרן, קורצגעוויקסיקן אידן, וואָס איז געשטאַנען ביי דער שוהל, ווי ער וואָלט געוואַרט צו פאַרפירן מיט אים אַ שמועס.

— איר וואוינט דאָ ערגעץ אין דער געגנט?

— ניין, ליבער איד. כ׳בין אַ תושב שוין עטלעכע יאָר דאָ אין די קראַנקנצימערן.

— ס׳הייסט אַ חולה? אַן אונדזעריקער?

— יאָ, טייערער, „אַן אונדזעריקער״.

— און פון וואַנען קומט אַ איד? פון וועלכער שטאָט?

— פון מינסקער געגנט.

— פון מינסק גופא? האָט איר אפשר דאָרטן געקענט די לוריעס? די ברידער לוריע, די באַוואוסטע גבירים?

— די ברידער לוריע פון מינסק האָב איך ניט געקענט, אָבער לוריען פון פּינסק האָב איך יאָ געקענט.

— אַלכסנדר לוריע?

— יאָ, יאָ, ליבער פריינד, אַלכסנדר לוריע, דעם בעל־הבית פון דער פאַניר־ און פלעקל־פאַבריק.

— איך בין פון לוריעס משפחה. בין זייערער אַ קרוב, און זעט וואָס פון מיר איז געוואָרן.

און עפּעס ווי ער וואָלט געוואָלט נאָך מער אונטערשטרייכן זיין ביטערע מערכה, האָט דער „קרוב״ געוואָרפן אַ טרויעריקן בליק אויף זיינע קבצ׳נישע, אָפּגעטראָגענע שבת־מלבושים, וואָס זענען געהאַנגען אויף זיין אויסגעדאַרטן קערפער, און האָט ווייטער גערעדט:

— און מיין געלעגער, מ׳שטיינס־געזאָגט, אַז אָך און ווי צו מיין מזל! — דאָס געלעגער פון לוריעס אַ קרוב, וואו איז עס איצטער? — אין איינעם פון די „שעקס״. איר ווייסט דאָך די פינצטערע „שעקס״.

— ליבער איד! און די לאַגע פון יענע לוריעס, די גבירים אדירים פון מינסק און פון פּינסק, ווי איז זי איצטער? וואָס איז מיט זיי אַליין? ווער ווייס צי זייער מזל איז בעסער פון אונדזערן?

האָט דער קרוב אַ קוק געטאָן טרויעריק אויף גרשונין, אַ זיפץ געטאָן און אַנטשוויגן געוואָרן.

***

אויפן וועג פון שוהל צום קראַנקנצימער, האָט זיך גרשוני צוגעזעצט אויף אַ באַנק אונטער אַ בוים. ער האָט געוואָלט זיך אויפהאַלטן נאָך אַביסל אין דער אַטמאָספער פון קבלת־שבת, און האָט זיך ניט געאײַלט צוריקגיין צום שפּיטאָל, צו דער דאָרטיקער וואָכעדיקייט.

גרשוניס האַרץ איז פול געווען מיט איינדרוקן און געפילן. ער האָט געטראַכט וועגן דעם קאָוונער אידן, מיט וועמען ער האָט זיך ערשט באַקענט.

ווי שטאַרק דער ליבער זקן האָט זיך עס געבעטן ביים ראַביי, ער זאָל אים ברענגען אַ לוח!

אין גרשוניס זכרון זענען אויפגעשוואומען יענע לא֞נגע־לא֞נגע חדשים, די שווערע קריזיס־חדשים, וואָס ער האָט דורכגעמא֞כט אין שפּיטאָל. א֞לץ וואָס ער האָט געהאַט האָט ער א֞היים געשיקט: זיינע בגדים, די ספרים, זיין פּען און נאָטיץ־ביכלעך. פון זיין פא֞ר־מעגן האָט ער זיך איבערגעלאָזט בלויז דעם לוח.

דעם לוח האָט ער לעבן זיך געהא֞לטן, פון האַנט ניט א֞רויס־געלאָזט.

דער לוח איז געווען דער אידישער קאָמפּאָס פון זיין צעבראָ־כענעם לעבנס־שיפל. אָן דעם לוח, האָט ער מורא געהאַט, וועט דאָס שיפל אינגאַנצן פא֞רלירן דעם וועג און צעשמעטערט ווערן אויף שפּענדלעך.

אין לוח האָט ער געזען דאָס איינציקע מיטל, וואָס וועט אים דינען ווי אַ בריק, ווען דער געבענטשטער טאָג וועט קומען, א֞רויפ־צוגיין אויפן באָרטן פון זיין אייגענער סביבה, און זיך ווידער פא֞ראייניקן מיטן אידישן כלל.

און א֞זוי טרא֞כטנדיק, האָט זיך פון גרשוניס הא֞רץ א֞רויסגעריסן:

„ביסט זייער גערעכט געווען, ליבהא֞רציקער זקן, טייערער קאָוונער איד! האָסט ריכטיק מזרז געווען דעם ראַביי: למען השם! פא֞רגעסט נאָר ניט ברענגען אַ לוח".



שלמה דמשק

# 63. ערב...

אין יענעם מוצאי שבת, — אין דער נאַכט פון דעם זיבעטן חנוכה־ליכטל — האָט זיך אין די קראַנקנצימערן געפילט אַן ערב־יום־טוב׳דיקע שטימונג. גרויס איז געווען די שפּאַנונג און פיבער־האַפט דאָס גרייטן זיך.

אין די קאָרידאָרן איז געשטאַנען אַ געדרענג און אין די קראַנקנצימערן — אַ לעבהאַפטיקע באַוועגונג.

די צימערן זענען שוין געווען האַלב פאַרפּוצט מיט פּילפאַרביקע פּאַפּירענע סטענגעס. רויט און גרין געמישט. די בונטע פרענדז אַרום די קליאַשן פון די עלעקטריק־לאָמפּן האָבן זיך יום־טוב׳דיק, סודות׳דיק געוויגט אין דער לופטן.

אויף די גרויסע שויבן פון די פענצטער זענען מיט ווייסן קרייט געווען אָנגעמאָלט הורבעס שניי. פון צווישן זיי האָבן אַראָפּ־געקוקט קעפּ פון „סאַנטאַ קלאָז״ און אַראָפּגעשיינט די גוטע וואונטשן אויף „אַ פריילעכן קריסטמעס״ און „גליקלעכן ניו־יערס״.

אין אַן אָנזעעוודיקן ווינקל, אין דעם הויפּט־קאָרידאָר, איז שוין געשטאַנען אויף זיין פּעדעסטאַל דער קריסטמעס־בוים — אַ פרישע, יונגע יאָלקע, וואָס איז ערשט מיט אַ פּאָר שעה פריער אָפּגעהאַקט געוואָרן. טייל חברים־קראַנקע, געניט אין דער אַרבעט, זענען געשטאַנען אַרום בוים און אים באַצירט מיט זילבער סטענ־געס, מיט גאָלדענע רינגען און פייער־רויטע קוילן.

***

אין קליינעם קראַנקנצימער, פון לינקן פליגל־וואָרד, איז געלעגן אויף זיין בעט גרשוני. ער האָט געזען אַלץ וואָס ס׳קומט דאָ פאָר אַרום אים. גלייכצייטיק האָט ער זיך צוגעהערט צום שפּילן פון פידל־ווירטואָז פּוירסינגער, וואָס האָט זיך געטראָגן פון זיין קליינער ראַדיאָ, און נאָך מער האָט ער זיך איינגעהערט אין דעם געמורמל פון זיין אייגענער נשמה.

אַ גורל׳דיקער אָוונט איז עס געווען אין גרשוניס לעבן. אויף

מאָרגן האָט ער געדאַרפט פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל, נאָך אַ לאַנג־לאַנגן אָפּליגן דאָרטן העכער פינף יאָר, און צוריקקומען צו זיין פאַמיליע, צו זיינע קרובים און פריינט.

זיס־אומעטיקע געפילן און האַרץ־פּלאַטער האָבן וויברירט אין אים.

פול מיט מחשבות איז ער געווען. ער האָט געטראַכט פון וואָס ער האָט אַלץ איבערגעלעבט אין די לעצטע עטלעכע יאָר, און וואָס אים דערוואַרט איצטער. אין זיין מוח האָבן זיך דורכגעטראָגן בילדער פון דער נאָענטער און וויטער פאַרגאַנגענהייט. איבער־הויפּט איז אים אַלעמאָל אויפגעשוואומען אין זכרון יענער ערשטער אָוונט, ווען מ׳האָט אים געבראַכט צו פירן אַהער, אין אָט דעם שפּיטאָל. יענער אָוונט איז פאַר אים געשטאַנען בולט מיט אַלע פּרטים, מיט אַלע ווייען און נשמה־צאַפּלענישן, ווי ער וואָלט אויף אייביק פאַר׳חתמ׳עט געבליבן אין זיין האַרצן.

וועט אָט דער לעצטער אָוונט, וואָס ער פאַרברענגט היינט אין שפּיטאָל, זיין דער סוף פון זיין לאַנגן יסורים־וועג, אַזוי ווי יענער ערשטער אָוונט איז געווען זיין אָנהויב? צי איז בכלל פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אַן אַנטגילטיקער סוף? שטעקט דען ניט אין יעדן ענד אויך אַן אָנהויב? און ווי וועט אויסזען יענער נייער אָנהויב?

**
*

ווי אַלעמאָל, אין אַנטשיידנדיקע שעה׳ן אין לעבן פון מענטשן, איז יעדע צופעליקייט איצטער אין גרשוניס אויגן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סימבאָל.

אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַלץ וואָס פּאַסירט אין דער סביבה פון שפּיטאָל, אויך די באַשערטע צייט פון זיין איצטיקער אויסלייזונג, ווי סימנים פון אַלצדינג, וואָס ער האָט דורכגעלעבט ביז איצט, און וואָס אים דערוואַרט וויטער. אפילו אין דעם שפּילן פון פידל האָט ער פאַרנומען אַ ווידערקלאַנג פון זיין נשמה־ציטער און האַרץ־באַגער.

איז ניט אָט דאָס קראַנקנצימער אַליין אַ מיניאַטור־אָפּשפּיגל פון דער פיל־פעלקערלעכער, פרעמדער און אָנרעגנדיקער סביבה, אין וועלכער ער האָט פאַרבראַכט די לעצטע עטלעכע יאָר?

אַכט קראַנקע ליגן דאָ, אין דעם קליינעם צימער, — מענטשן פון פאַרשיידענע פעלקער און שטאַמען. אָט רעכנט ער זיי אויס נאָכן סדר פון די בעטן: אַ סקאָטישער, אַ שפּאַניער, אַן אַמעריקאַנער, אַ יוגאָסלאַוו, אַ נעגער פון די אַפריקאַנער אינזלען, אַן איטאַליענער, אַ איד און אַ אירלאַנדער. דער זעלבער גורל האָט זיי דאָ אַלעמען צונויפגעבראַכט, און דאָך איז יעדער איינער אַ וועלטל פאַר זיך. יעדערער מיט זיינע אייגענע באַגערן און בענקענישן, אָפענע און באַהאַלטענע, כאָטש ווי קריסטן האָבן די אַנדערע זיבן — אויסער אים — אַ סך געמיינשאַפטלעכס.

און דער פידל־שפּילער פוירסינגער? — ווער האָט עס פאַר אים צוגעגרייט אַזאַ מוזיקאַלישע פּראָגראַם דעם היינטיקן אָוונט? ווי אַזוי איז עס געשען, אַז זיין היינטיק שפּילן זאָל זיך אַזוי וואונ־דערלעך אַריינפּאַסן אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַטמאָספער, אין אָט דעם קראַנקנצימער?!

און דער גרויסער שינוי, וואָס דאַרף געשען אין זיין לעבן? צי איז עס ניט סימבאָליש, וואָס עס פאַלט אויס אין דער חנוכה־וואָך, אין די טעג, וואָס דערציילן פון ניסים און דערלייזונג?

***

אַ שאַרפע נאָגעניש האָט אַרומגענומען גרשונין, אַ צופּנדיקע בענקעניש און אַן אומעט: אָט האָלט ער שוין ביים צוריקקערן זיך אַהיים, צום טאַטנס הויז; אָבער אים, דעם טאַטן, וואָס צו אים איז דער זון געווען אַזוי צוגעבונדן, וועט ער שוין דאָרטן נישט געפינען...

אין זיין זכרון שווימט אַרויף דער מוצאי־שבת פון חנוכה, פּונקט זעקס יאָר צוריק, אַ וואָך איידער ער איז אַוועקגעפאַלן מיט דער מחלה. יענעם אָוונט איז געפּראַוועט געוואָרן אַ פייערונג אין דער

שול, וואו ער, גרשוני, האָט געלערנט מיט קינדער. ער האָט גע־דאַרפט אַהין קומען באַצייטנס. ער איז אָבער געשטאַנען אין ביבליאָטעק־צימער און האָט מיט אַ זיסן פלאַטער אין האַרצן געוואַרט אויפן טאַטן, וואָס וועט באַלד צוריקקומען פון שוהל. ער וועט דאָך ניט אַוועקגיין איידער ער וועט הערן דעם טאַטן בענטשן חנוכה־ליכט.

פול מיט דערוואַרטונג איז אויך געווען די פיר־און־אַהאַלב יאָריקע מרים׳ל, זיין ברודערס טעכטערל. זי האָט שוין געהאַט אַרייַנגעשטעלט די ליכטלעך אין חנוכה־לאָמפּ, און געוואַרט אויפן זיידן. אַז זי האָט דערהערט אים אַרויפגיין די טרעפּ, איז זי אים אַנטקעגן געלאָפן מיט אַ צעשטראַלט פנים און אַ טאַנצנדיקער פריילעכקייט. זי האָט אים אַנטקעגן געטראָגן דעם: „אַ גוטע וואָך, זיידע!” האָט אים אָנגעזאָגט מיט איר קול׳כל, וואָס האָט געקלונגען ווי אַ זילבערן גלעקעלע, אַז זי האָט אַרייַנגעשטעלט די ליכטעלעך אין דעם חנוכה־לאָמפּ. פינף ליכטעלעך האָט זי אַרייַנגעשטעלט, ווייל נעכטן האָט דער זיידע פיר געצונדן. דער שמש שטייט שוין אויך גרייט אויף זיין אָרט.

האָט דער זיידע איר אַ גלעט געטאָן אויף די גאָלדענע האָר, און געוואונטשן: זאָלסט דערלעבן איבער אַ יאָר, מרים׳ל טאָכטער, און טאָן דאָס זעלבע!...

***

דער געקלאַפּ פון האַמער האָט אויפגעוועקט גרשונין. ער האָט באַמערקט ווי עטלעכע פון זיינע חברים־קראַנקע שטייען אויף לייטערס און פאַרנעמען זיך מיט באַפּוצן דעם צימער מיט אַלערליי קאָלירטע סטענגעס.

ווי פייערלעך ס׳איז שטענדיק דאָס גרייטן זיך צום קריסטמעס־חגא אין די קראַנקנצימערן! האָט גרשוני אַ טראַכט געטאָן. אפילו די שוואַכע חברים ווערן אָנגערעגט זיך צו באַטייליקן אין דער אַרבעט פון באַפּוצן און באַצירן דעם שפּיטאָל.

די „סקאָטישע” סימפאָניע פון מענדלסאָן, וואָס האָט זיך גע־

טראָגן פון דער ראַדיאָ און האָט אָנגעפילט גרשוניס ווינקל מיט רוישיקע קלאַנגען, האָט זיך איצט דערנעענטערט צום סוף. דאָס דראַמאַטישע איז מילדער געוואָרן. דאָס ברויזנדיקע — רואיקער. דער שטורעם האָט זיך איינגעשטילט.

פוירסינגערס פידל האָט צו לעצט גענומען שפּילן „דעם ניגון" פון ערנסט בלאָך'ס סוויט: „בעל־שם".

גרשוניס אַלע חושים זענען איצט געווען דורכגענומען מיט דעם צויבערלעך־מיסטישן ווערק.

השתפכות הנפש, הייליקע בענקשאַפט, גאַרעניש נאָך דער־הויבנקייט האָבן תמיד געפונען אַ געטרייען אָפּקלאַנג אין גרשוניס האַרץ, און גאָר שטאַרק אין די יאָרן פון זיין געראַנגל מיט זיין גורל...

האָט ער דען ניט אין זכות פון אָט דער געהויבענער בענקשאַפט גובר געווען דאָס שפלות אין זיין שפּיטאָל־סביבה, און זוכה געווען צו דערלעבן אָט דעם גורל'דיקן טאָג ? !

דער דור־דורות'דיקער ניגון פון זיין גערודפ'ט פאָלק, וואָס לעבט מיט דעם כוח פון זיין אמונה, און גאַרט נאָך גאולה, האָט געקוועלט אין זיין האַרצן. צעוואָרפן די מחיצות מיט וועלכע די ביטערע קראַנקייט האָט אים אַרומגעצאַמט. ער איז אַריבערגע־שפּרונגען איבער תחומים, וואָס האָבן אים געהאַלטן אָפּגעגרעניצט.

אָט דער ניגון האָט אים געהאַלטן פאַרקניפּט און פאַרבונדן אין אַן אומצערייסבאַרן בונד מיט זיין אומה, און מיט אַלץ וואָס איז ביי איר הייליק; מיטן טאַטנס היים און מיט דער סביבה פון וועלכער ער האָט געצויגן זיין יניקה, — און צו וועלכער ער קערט זיך מאָרגן צוריק.

וועט דער זכות פון ניגון אים ווייטער אָזוי ביישטיין ?

וועט זיין צוריקקום זיין אויף אַן אמת אַ צוריקקום ?

וועט מיטן איצטיקן שינוי אין זיין לעבן, אויך קומען פולע דערלייזונג ?



## 64. ווען ער איז צוריקגעקומען

פאַרטאָן אין מחשבות איז שמואל געזעסן אין טעקסי, וואָס האָט אים געפירט פון שפּיטאָל אַהיים.

נאָר אָט האָבן זיך גענומען ווייזן די ווייסע, צוויי־גאָרנדיקע הייזער אויף דער ברייטער עוועניו, באַזוימט מיט קאַשטאַן־בוימער פון ביידע זייטן. ער פלעגט דאָך דאָ אַזוי אָפט שפּאַצירן אין יענע ווייטע, גוטע טעג.

שמואלס האַרץ האָט אַ ציטער געטאָן, גענומען קלאַפּן שטאַר־קער: נאָך אַ מינוט, נאָך אַ מינוט וועט ער אָנקומען צום הויז, פון וואַנען ער איז מיט פינף יאָר צוריק אַוועקגענומען געוואָרן.

שמואל איז אַרויס פון דער טעקסי, און זיך געלאָזט גיין צו דער טיר פון הויז. איז אים געקומען אויפן געדאַנק, אַז בדיעבד איז גוט וואָס די היימישע האָבן ניט געוואוסט ווען ער וועט אָנקומען, האָבן זיי ניט באַמערקט די טעקסי, ווען זי איז צוגעפאָרן, און זענען ניט אַרויס אים מקבל פּנים זיין; וועט ער קענען בלייבן נאָך אַ ווײַלע אַליין מיט זיינע אויפגעברויזטע געפילן.

די טיר פון פאָדערהויז, פאַר די טרעפּ, איז געשטאַנען האַלב־אָפן, פונקט ווי דעמאָלט, ווען ער איז פון דאַנען אַרויס. שמואל איז אַריין אין קליינעם קאָרידאָרל, איז שטיין געבליבן. זיינע אויגן האָבן גענומען וואַנדערן, זוכן. די אויערן אָנגעשפּיצט: צי הערט זיך ניט אַמאָל, דאָ, אין חלל, אַ ווידערקלאַנג פון טאַטנס ברכה ביים געזעגענען זיך.

יענע הייליקע מינוטן, אָנגעלאָדן מיט צער, האָבן זיך אויפגעהיט אין שמואלס זכרון מיט יעדן פּרט:

אָט דאָ, ביי דער האַלב־אָפּענער טיר, איז מיט אים דער טאַטע געשטאַנען. שמואלס רעכטע האַנט איז געלעגן אין דעם טאַטנס וואַרימע, שפּירעוודיקע הענט. דעם טאַטנס בלאַסע ליפּן האָבן געשעפּטשעט: „אשא עיני אל ההרים...״ זיינע שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן תמיד אַרויסגעשיינט מיט חכמה און גוטסקייט פון ראָם

פון זיין ווייסער באָרד און פאות, זענען געווען מיט אומעט פאַר־צויגן. טרערן זענען אין זיי געשטאַנען. דערנאָך ביים ענדיקן זיין תפילה: „ה׳ ישמור צאתך ובואך״ — איז געקומען אָט יענער לאַנגער, וואַרימער האַנט־דרוק, וואָס איז געבליבן אויף אייביק פאַר׳חתמ׳עט ביי אים אין האַרצן מיטן חותם פון טאַטנס ליבשאַפט און רחמים.

שמואל דערמאָנט זיך: ביי זיך, אין פאַרקלעמטן האַרצן, האָט ער, דעמאָלט אָפּגעענטפערט מיט אַן אייגענער תפילה:

הלואי, טאַטינקע, זאָל איך נאָך צוריקקומען און דיך טרעפן!

מיט טיפן צער האָט שמואל איצט געטראַכט: דעם טאַטנס תפילה איז אָנגענומען געוואָרן; מיין תפילה — ניט...

***

שמואל איז פּאַוואָלינקע אַרויף די טרעפּ און אָנגעקלאַפּט אין טיר. אים אַנטקעגן איז אַרויסגעקומען דעם ברודער זכריה׳ס עלטערע טאָכטער, די צען־יאָריקע מרים׳ל, וועמען שמואל האָט קליינערהייט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט. וויפיל מעשה׳לעך האָט ער עס איר אָנדערציילט! וויפיל לידער פאַר איר אויסגעזונגען! און ווי ליב זי האָט עס געהאַט! — און אָט שטייט פאַר אים איצט יענע קליינינקע מיידעלע אין געשטאַלט פון אַן אויסגעוואַקסענער בלאָנ־דער פּרינצעסין. אירע גאָלדענע לאָקן פאַלן אַראָפּ אויף איר געשניצטן האַלדז און באַדעקן דעם אויסגעהאָפטן ווייסן מאַטראָסן־קאָלנער פון איר בלויער קלייד.

אַז מרים האָט דערזען שמואלן, איז זי אַ ווײַלע געבליבן איבער־ראַשט. אים אָנגעקוקט, און שעמעוודיק אַראָפּגעלאָזט אירע בלוי־ליכטיקע אויגן. אָן ווערטער האָט זי אים אַריינגעפירט אין הויז.

— זאָג נאָר, מרים׳ל: האָסט מיך דערקענט? געדענקסט מיך נאָך?

— כ׳האָב דיך דערקענט, אָנקל שמואל, — האָבן מרים׳לס ליפּן שטיל אַ שעפּטשע געטאָן. מיט ווייכע טריט איז זי מיט

אים אַריין אין עס־צימער. דאָרטן האָט אים די שוועגערין רות אויפגענומען מיט אַ צעשטראַלט פּנים און אַ האַרציקן: „ברוך הבא!"

ביים טיש איז געזעסן אַ הויך־געוויקסיק אינגל. סטאַטעשנע האָט ער געזופּט טיי פון אַ גלאָז. זיינע ברוינע אויגן האָבן אַנטקעגן געקוקט מיט ענוות. אין מיטן פון זיין רעכטער באַק, באַזייט מיט זומער־שפּרינקלעך, האָט אַרויסגעשיינט אַ חן־גריבעלע.

— ווער איז אָט דער שיינער בחור׳ל? — איז ער דיינער אַ חבר, מרים׳ל?

— דערקענסט אים גאָר ניט, שמואל?! — האָט אָנשטאָט מרים׳ען געענטפערט די שוועגערין רות. — ס׳איז דאָך גד׳ל, אונדזער שמעונס איינגערער זון.

— קיין בייז אויג זאָל זיי ניט שאַטן! זיי זענען קיין עין הרע היפּשלעך אויסגעוואַקסן. אמת׳ע פאַרשוינען!

**
*

מער ווי שמואל האָט באַוואונדערט דעם וואוקס און אויסזען פון מרים׳ען און גד׳לען, איז זיין האַרץ פול געווען מיט באַוואונדערונג פאַר דער פּעטלעכער, שוואַרץ־חנ׳עווּדיקער מיידעלע, מיט די פּוכקע בעקלעך, וואָס איז געשטאַנען לעבן דער מאַמען, און ניט אַראָפּגענומען פון אים אירע גרויסע קאַרשן־אויגן, פול מיט נייגער.

שמואל האָט פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז די פינף־יאָריקע יהודית׳ל, וואָס איז געבוירן געוואָרן אַ פּאָר חדשים נאָך זיין פאַרלאָזן דעם טאַטנס היים.

נאָך די פינף לאַנגע יאָרן, וואָס ער איז אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל, האָט ער אין יהודית׳לס געשטאַלט איצט געזען אַ לעבעדיקן עדות, אויף דעם שטיק לעבן, וואָס איז אָפּגעגאַנגען מיט זיין שטענדיקן גאַנג אויף דער אַנדער זייט פונ׳ם אָפּגעשלאָסענעם תחום פון שפּיטאָל, אין לויף פון די יאָרן פון זיין ברענענדיקע בענקשאַפט.

— זאָג, יהודית׳ל, ווער איז דער גאַסט? — האָט די מאַמע זי אַ פרעג געטאָן.

יהודית׳ל האָט זיך מיט איין האַנט אָנגעהאַלטן אָן דער מאַמעס קלייד; דאָס קליין פינגערל פון דער אַנדער האַנט האָט זי אַריינ־געשטעקט אין ווינקל פון איר קליין מיילכעל, און זייטיק געקוקט אויף שמואלן.

— זעט נאָר! שטייט און שווייגט, ווי זי וואָלט קיין צוויי ניט געקענט ציילן. ווייסט טאַקע ניט ווער דאָס איז?!

יהודית׳ל האָט אַ הויב געטאָן אירע גרויסע קאַרשן־אויגן אויף אַ בילד פון שמואלן, וואָס איז געהאַנגען אויפן וואַנט, דערנאָך אַ וואָרף געטאָן אַ קוק אויף שמואלן, ווי זי וואָלט געמיינט צו זאָגן: דאָס איז ער!

— נו! זאָג שוין, טייערע, שעם זיך ניט!

— ס׳איז אָנקל שמואל — האָט זי שטיל אַרויסגערעדט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

שמואל האָט דערפילט אַ שטאַרקן באַגער זיך אַ צי טאָן צו דער זיסער מיידעלע, גלעטן אירע שוואַרצע זיידענע האָר, אַרומ־נעמען און קושן זי. אָבער ער האָט זיך דערמאָנט אין זיין אייגענעם פאַרזאָג ביים פאַרלאָזן דעם שפיטאָל, צו זיין אָפּגעהיט מיט אַנדערע מענטשן כל־זמן דער הוסט האַלט אָן.

דאָס דערשטיקן אין זיך דעם באַגער אַ קוש צו טאָן יהודית׳לען, האָט אין אים אויפגעוועקט טרויעריקע רעיונות. ס׳איז אים גע־קומען אויפן געדאַנק: ווער ווייס וויפיל טאַטעס, וואָס וועלן זיך צוריקקערן פון מלחמה, וועלן שטיין, ווי ער איצט, פאַרן שווערן נסיון פון צוריקהאַלטן זיך; וועלן זיך מוזן דערווייטערן פון זייערע ליבע קליינע קינדער, ווען זייער געפיל פון ליבשאַפט און געפיל פון מורא וועלן זיך ראַנגלען אין זייערע הערצער.

***

אויסגעשעפּט פון כוחות מחמת דער לאַנגער נסיעה, איז שמואל אַריין אין שלאָפצימער און זיך צוגעשפּאַרט אויפן בעט, וואָס מ׳האָט

דא̈ צוגעגרייט פא̈ר אים. די שוועגערין רות הא̈ט אים צוגעטרא̈גן פרוכט־זא̈פט צו דערפרישן זיך.

שמואל איז געלעגן מיט א̈פענע אויגן. זיינע געפילן הא̈בן געברויזט. איין מחשבה הא̈ט געיא̈גט א̈ צווייטע.

אויף די שפּיץ פינגער איז די קליינע יהודית׳ל צוגעקומען צו דער א̈פענער טיר און א̈ריינגעקוקט אין שלא̈פצימער. א̈ז זי הא̈ט דערפילט אויף זיך איר א̈נקלס בליק, הא̈ט זי זיך פא̈רשעמט און איז א̈נטלא̈פן. א̈בער בא̈לד איז זי ווידער צוריקגעקומען, ווידער א̈ריינגעקוקט און ווידער א̈נטלא̈פן.

— קום א̈ריין, יהודית׳ל, קום א̈ריין! שעם זיך ניט! — הא̈ט איר שמואל צוגערופן.

די קליינע איז א̈ריין, צוגעקומען מיט שטילע טריטעלעך צו דער סא̈פע, וווא̈ס איז געשטא̈נען לעבן בעט. הא̈ט זיך צוערשט צוגעזעצט ביים ברעג, ווי אויף א̈ ווײלינקע. ביסלעכווייז הא̈ט זי זיך צוגערוקט צום צענטער פון דער סא̈פע, און הא̈ט זיך גא̈נץ בא̈קוועם דא̈רט א̈וועקגעזעצט. זי הא̈ט לא̈נג א̈נגעקוקט איר א̈נקל מיט א̈ נייגעריקן בליק. פלוצים הא̈ט זי אים צוגעווא̈רפן צווי פרא̈געס מיט א̈מא̈ל:

— וואו ביסטו עס געווען די גא̈נצע צייט? פא̈רווא̈ס ביסטו ניט געקומען א̈הער פריער?

— דו ווייסט גא̈רניט, טייערע? כ׳בין געווען אין שפּיטא̈ל.

— א̈זוי לא̈נג, א̈זוי לא̈נג אין שפּיטא̈ל! ווא̈ס הא̈סטו דא̈רטן געטא̈ן?

שמואלן הא̈ט זיך זייער געווא̈לט זא̈גן יהודית׳לען, א̈ז אויך ער מיינט, א̈ז ער איז געווען צו לא̈נג אין שפּיטא̈ל, און א̈ז עס טוט אים זייער בא̈נג, ווא̈ס ער הא̈ט ניט געקענט קומען פריער. נא̈ר ווי זא̈ל ער עס איר זא̈גן?

די קליינע הא̈ט געזען א̈ז ער שווייגט, איז זי אים א̈רויס מיט גא̈ר א̈ן א̈נדער מין פרא̈גע:

— ווילסט א̈ קערשעלע, א̈נקל?

יהודית׳ל האָט דאָס מאָל ניט געוואָרט אויף קיין ענטפער. זי איז גיך אַוועק אין עס־צימער און באַלד צוריקגעקומען מיט אַ גאַנץ שאַכטל כּיבוד: שאָקאָלאַדעס, אין וועלכע ס׳האָבן געשטעקט גרויסע געפּרעגלטע קאַרשן. דאָס שאַכטל האָט זי אַוועקגעשטעלט לעבן בעט אויף אַ בענקל, און אַ זאָג געטאָן:

— נעם, אַנקל, די קערשעלעך. זיי זענען אַזוי גוט! אַזוי זיס! זי האָט אַ צמאָקע געטאָן מיט די ליפּן. ס׳איז קענטיק געווען, אַז דער טעם פון אָט די שאָקאָלאַדנע־קאַרשן זענען איר וואויל באַקאַנט.

האָט זיך שמואל דערמאָנט דעם טאַטנס שמועסן בעת זיינע באַזוכן ביי אים אין שפּיטאָל, און ווי ער פלעגט אים אָפט זאָגן: יהודית׳ל, זכריה׳ס טעכטערל, איז אַ וואונדער־קינד! אָט די קליינע וועט מיט אירע פעאיקייטן, מיט איר קלוגשאַפט און געשיקטקייט איבערשטייגן די עלטערע שוועסטער.

ער האָט זיך אויך דערמאָנט וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן ס׳האָבן אים פאַרשאַפט די „חכמות״ פון „דער בייבי״, וואָס רות פלעגט יעדעס מאָל אים צושיקן אין אירע בריוו. יעדע חכמה האָט מיט זיך געבראַכט אַ פונק פון משפּחה־פרייד, נאָך וועלכער ער האָט אַזוי געבענקט.

האָט זיך שמואל אַ ווענד געטאָן צו דער קליינער מיט די ווערטער:

— יהודית׳ל! די מאַמע האָט מיר פיל מאָל געשריבן, אַז דו ביסט אַ קלוג מיידעלע, אַז דו קענסט אויף אויסווייניק אַ סך לידער, און קענסט אויך שיין דעקלאַמירן. אפשר וואָלסטו עפּעס געזונגען, אָדער דעקלאַמירט? כ׳בין זיכער, אַז דיינע לידער זענען נאָך זיסער פון אָט די שאָקאָלאַדנע קאַרשן.

אַ פאַרטראַכטע איז די קליינע געזעסן עטלעכע מינוטן. האָט ביי זיך געטראַכט מיט וואָס צו באַווייזן זיך פאַר אָט דעם מאָדנעם אַנקל, וואָס איז אַזוי לאַנג געלעגן אין שפּיטאָל, און וואָס זי האָט נאָר געהערט זיין נאָמען, געזען זיין בילד אויפן וואַנט, און אים אַליין זעט זי איצט צום ערשטן מאָל.

נאָר אַז זי האָט שוין אָנגעהויבן, האָט זי פאַר אים אַנטדעקט איר גאַנצן אוצר און זיך אַנטפלעקט פאַר אים מיט דער גאַנצער שפע פון אירע חנ׳ען.

אַ געמיש פון דעקלאַמאַציעס און לידער איז עס געווען, באַווירצט מיט קינדער־לידער און קינדער־גאָרטן טענץ: „דזשעק און דזשיל" איז דעקלאַמירט געוואָרן אין איין אָטעם מיט דער „שבועה צום פלאַג", אין וועלכער די שורה „וואָן ניישאָן" האָט זי מייסטערהאַפט אַרויסגעבראַכט, און דאָס וואָרט „אינדיוויזיבל" האָט די קליינע אַקצענטירט זילבע ביי זילבע מיט אַ באַזונדער חנ׳עוודי־קייט. נאָך דאָס לידל „מערי העד אַ ליטל לעם" האָט זי געזונגען די פאָלקס־ליד „אויפן פריפעטשיק ברענט אַ פייערל". איבערן שווערן „פריפעטשיק" האָט יהודית׳ל אָפּגעהאַלטן אַ פולשטענדיקן זיג מיט איר קלאָרער דיקציע.

ווען זי האָט פאַרענדיקט די לעצטע שורה מיט די ווערטער: „דעם אלף־בית" — האָט זי באַלד באַמערקט און געגעבן צו פאַר־שטיין דעם אָנקל, ווי זי וואָלט פאַר אים אַנטדעקט עפּעס נייעס און וואונדערלעכס:

— דו ווייסט, אָנקל? „אלף־בית" — דאָס איז „איי בי סי" אין היברו!

אָט דאָס האַרציקע אידישע פאָלקס־ליד, וואָס די קליינע יהודית׳ל האָט נאָר־וואָס געזונגען, און איר לעצטע באַמערקונג, זענען געווען אַזוי חנ׳עוודיק־ליב, אַז אין שמואלן האָבן ווידער אויפגעשטורעמט זיינע געפילן. ער האָט געוואָלט אויפשפּרינגען פון בעט און אַריינגעמען יהודית׳לען אין זיינע אָרעמס און אויס־קושן זי. אָנשטאָט דעם, אָבער, האָט ער איר אַפּלאָדירט און אויס־געררופן: גוט! אויסגעצייכנט, יהודית׳ל!

יהודית׳ל, וואָס האָט געפילט מיט איר טרייען אינסטינקט, אַז זי פאַרשאַפט איר אָנקל גרויס פאַרגעניגן, האָט נאָך פיל געזונגען, דעקלאַמירט און געטאַנצט פאַר אים. זי האָט צוגעלייגט פאַר

אַ גוטער מאָס די ברכות „המוציא לחם", „שהכל נהיה בדברו" און אויך די ברכה פון ליכט־בענטשן.

שמואל האָט געפילט, אַז ס׳איז אַ זכיה פאַר אים צו געניסן אָט דעם זעלטענעם נחת רוח פון אָט דער גרויסער שעה — אַ נחת, וואָס נאָך דעם האָט ער אַזוי לאַנג גע׳חלומ׳ט.

זיינע מחשבות האָבן אים צוריקגעפירט צום שפּיטאָל, צו דער סביבה, וואו ער האָט זיך אָפּגעמאָטערט פינף יאָר, און דאָרט איבערגעלאָזט זיינע חברים.

איין טרויעריקער געדאַנק איז געבליבן שטעקן אין זיין מוח: ווי אומגליקלעך און געקריוודעט זענען די מענטשן, וואָס אין זייער מחיצה קענען ניט אַריינקומען קיין קינדער, וואָס ברענגען מיט זיך פרייד און גליק. און ווי אומעטיק און פינצטער איז די סביבה, וואו דער חן פון קינדער־שמועס הערט דאָרט ניט אויף, און דאָס ליכט פון זייער שמייכל שיינט אַהין נישט אַריין.



איך דריק אוים מיין הארציקן דאַנק צו מיין

געטרייען פריינד,

**ר׳ צבי ברוך וויכטער,**

פאַר זיין באַדייטנדןביישטייער, כ׳זאָל קענען

אַרויסגעבן מיין בוך:

„אין גערעַנגל פאַרן לעבן״.

זיין ביישטראָג איז געגעבן געוואָרן אין ליכטיקן אָנדענק

פון זיין איינציקער טאָכטער:

**פעסל וויכטער־גאַרבער**

פון טיפן האַרצן דאַנק איך מיין גוטן פריינד,
דעם האַרציקן מענטשן

**נ. ב. לינדער,**

פאַר אַדורכליינען, צוזאַמען מיט מיר, דעם מאַנוסקריפּט פון דעם דאָזיקן בוך, און פאַר די סטיליסטישע אויסבע־סערונגען, וואָס זיינען דורך אים געמאַכט געוואָרן;

און מיין ליבן, טרייען פריינד

**שאול ראַסקין,**

פאַר זיין קינסטלערישער צייכענונג, וואָס באַשיינט די הילע און דעם שער־בלאַט פון מיין בוך.



מיט צער אין האַרצן דערמאָן איך מיין ליבן, טרייען פריינד, דעם דיכטער פון „יידיש און חסידיש":

**ר' אליעזר שינדלער, ז"ל;**

און מיט אַ געפיל פון אַ חוב פון דאַנקבאַרקייט צום חשובן נפטר, דערמאָן איך דאָ דעם טיפן אינטערעס, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן צו די „שפּיטאָל־בלעטער", און זיינע גוטע עצות און מיטהילף ביים צוזאַמענ־שטעלן מיין בוך „אין געראַנגל פאַרן לעבן".

יהי זכרו ברוך!

פון טיפן הארצן דאנק איך דער חשובער און
איידל-הארציקער

## מרת חנה נעצקי,

פון פילאדעלפיע,

פאר איר ברייטהארציקן בייטראג צו דערמעגלעכן
דאס ארויסגעבן פון דעם דאזיקן בוך.

דער בייטראג איז געגעבן געווארן אין ליכטיקן אנדענק
פון איר ליבן מאן, מיין חשובן פריינד:

## מר שמחה נעצקי, —

און פון אונזער חשובן, טרייען פריינד

## פראפ. יהושע אובסי

**איך** דריק אויס מיין האַרציקן דאַנק צו מיינע קרובים, תלמידים, גוטע פריינט, און צו מיינע חברים צווישן די לערער און שרייבער, וואָס העלפן מיר — יעדערער אויף זיין שטייגער — אַרויס־צוגעבן מיינע ביכער און פאַרשפּרייטן זיי צווישן די לעזער.

צום אַלעם־ערשטן גיב איך דאָ אַ יישר־כח פון טיפן האַרצן צו די טעטיקסטע אינעם קרייז פון מיינע תלמידות און תלמידים, וואָס דערמוטיקן מיך מיט זייער טריישאַפט און מיט זייער הילף צו דערמעגלעכן דאָס אַרויסגעבן פון מיינע ווערק, און צו פאַרשפּרייטן זיי צווישן דעם עולם לעזער:

דבורה אַסופסקי־יאַוונער, גדליה אפשיין, אברהם און אסתר אַרפא, שרה גאָלדבלאַט, אהרן גלאָצער, מלכה דרילמאַן, שמואל לובין, טובה לוי, גרשון מערינבאַך, אסתר נאָבל, טובה נאָלמאַן, געלי ניצליך, ברוריה סאָקאָל, בתיה סימונוביץ, זלמן פאַרבער, הדסה סרולוף, רבקה קויפמאַן, עתליה קליין, צפורה ראַפּס, לאה שטיינהאָרן און צביה שאַפּיראָ.

אַ האַרציקן יישר־כח צו מיינע טרייע פריינט אין ניו־יאָרק און אין אַנדערע שטעט, וואָס זענען גרייט צו העלפן מיר, ווען נאָר איך גיב אַרויס אַ בוך:

ר׳ אברהם און מרת רבקה איסעראָוו, מרת חנה אפשטיין, ר׳ דוד באַראָן, ר׳ קלמן בכרך, ר׳ יחיאל בליזאָווסקי, די ברידער אהרן און ש. בלעקער, ר׳ בנימין בנארי, ר׳ עקיבא בן־עזרא, מרת דבורה בערלין, ר׳ זרח בריק, ר׳ מרדכי גאָלדבלאַט, ר׳ שמחה זאב זאַלצמאַן, הרב ברוך טשאַרני, ר׳ אליעזר לאַדיגער, ר׳ יעקב ליפּמאַן, ר׳ שמחה לעדער, ר׳ יחזקאל פאָלסקי, ר׳ מנחם פיורער און זיין חשוב׳ע פרוי, הרב יעקב פלאָסבערג, ד״ר ב. קאַדער, ד״ר יצחק י. קיוב, הרב ד״ר יצחק קליין, ר׳ זכריה־משולם קערשטיין, ר׳ שלמה רוזן, ר׳ צבי רובין, ר׳ יוסף רייזבערג, מרת חנה רעוואוצקי, ר׳ מתתיהו שלאַנגער און ר׳ משה שלוש.

צו מיינע ליבע בני־עיר אין אַמעריקע, אין ישראל און אין אַנדערע לענדער:

גבריאל אבניאלי, שבח אדן, משה אייזענבונד, אידל אַלפּעראָ־וויץ, וועלוול און דאַנאַ בעלמאָנט, בנימין יואלי, מרת סאָניע דניאלי, שלום כאַליאַוסקי, ר׳ משה לאַכאָוויצקי, יהודה לביא, יוסף סעליוב, שלמה פּאַרפל, ר׳ חיים פרידשטיין, אידל פּרענסקי, מיכליע און זעליק קונאָפסקי, און די משפחה שמושקאָוויץ.

צום סניף עברי פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד אויפן נאָמען פון מ. אוסישקין, אין ניו־יאָרק, און צו מיינע ידידים, דעם טרייען עסקן ר׳ יעקב יאָזעליט און דער חשובן נשיא, ר׳ משה ב. ניומאַן.

צום סניף פון הסתדרות עברית אין פילאַדעלפיע, און צו דעם נשיא, מיין חשובן ידיד, ד״ר נתנאל שרף.

צום סניף פון הסתדרות עברית אין לאָס אַנדזשעלעס, און צו דעם חשובן נשיא, ד״ר משה ליבמאַן.

און צום סניף פון הסתדרות עברית אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע, און צום חשובן מנהל פון „קרן התרבות״, הרב אהרן הורביץ.

אחרונים, אחרונים חביבים — דאַנק איך פאַר זייער הילף מיינע טרייע פריינט אין לייקוואוד:

ר׳ דובער ביגלאייזן, ר׳ ישראל גאָטליב, ר׳ שלמה ווײנריב, ר׳ אביגדור און חנה טאָפּילאָפסקי, הרב חיים פינקעלשטיין, ר׳ משה (מאָריס) קאַפּלאַן און ר׳ יצחק גדליה ראָי.



אַ ספּעציעלן יישר־כוח גיב איך דאָ צו מיינע טרייע ידידים, די ברידער ר׳ מיכל־יהושע און ר׳ שמואל שולזינגער, פאַר דער האַר־ציקער באַציאונג, וואָס זיי ווייזן מיר תמיד אַרויס, און פאַר זייער מי צו דרוקן מיין בוך „אין גערנגל פאַרן לעבן״ אַזוי גוט און שיין, ווי נאָר מעגלעך.